פערלאג „קולטור"

ס. וורושאָסעק

# די יסודות פון דער שטאטס־אָרדנונג אין אייראָפּאַ און אַמעריקאַ

מינסק

# פערלאג „קולטור״.

## עס זענען ערשט ארויס פון דרוק:

1. אַנדרײַעוו: אַ רויטער געלעכטער, איבערזעצט פון ש. ראָזענפעלד. — אין 5 העפטען צו 5 קאָפּ.

2. גאַרשין: דאָס אַיאַסלאַרער געפעכט, איבערזעצט פון ד. קאַסעל, — פרייז 5 קאָפּ.

3. די חאָליערא און מיטלען זיך פון איהר צו פערהיטען, פון ד״ר פּאָפּאָוו. איבערזעצט פון ד״ר אַ. מאַרקאָוו, — פרייז 5 קאָפּ.

4. די סוחאָטע און ווי זיך פון איהר צו פערהיטען,—פרייז 2 ק.

5. עצות פאַר עמיגראַנטען, וועלכע פאָהרען קיין אַמעריקאַ (פעראייניגטע שטאַטען), פון אַ. האַרקאַווי, — פרייז 3 קאָפּ.

6. מינסקי: די בעלאַגערונג פון טולטשין. אַ היסטאָרישע יודישע דראַמאַ פון באָגדאַן חמעלניצקעס צייטען. איבערזעצט פון אַ. רייזען. — פרייז 20 קאָפּ.

7. אייזמאַן: דאָס אייז געהט, איבערזעצט פון דר. אַ. מאַרקאָוו, פרייז 10 קאָפּ.

8. ש. אַש: אַ שטעדטעל, (אַ פּאָעמאַ פון פּויליש-יודישען לעבען, — פרייז 50 קאָפּ.

9. מוסקאַטבליט: וועגען פאָלקס-פערטרעטונג. איבערזעצט פון ש. לעבענהאַרץ, — פרייז 10 קאָפּ.

10. זאַמעלבוך "קולטור". (260 זייטען) פרייז 20 קאָפּ.

אינהאַלט: I. ליטעראַרישע אַבטהײלונג; אַ נײַע פּאָעמאַ פון י. ל. פּרץ. — ערצעהלונגען, שירים, אַרטיקלען פון שלום אַש, אַ. רייזען, ד. פרישמאַן. איבערזעצטע בעלעטריסטיק פון אַ. טשעחאָוו, מאַרק טוועין, סטאָקטאָן און אַנדערע.—II. פּאָפּולער-וויסענשאַפטליכע אַבטהײלונג: געאָגראַפיש-סטאַטיסטישע איבערזיכט פון אַלע לענדער און פעלקער. אַרטיקלען איבער טעכנאָלאָגיע (מיט 11 אילוסטראַציעס) און היגיענאַ (ווי מען פערהיט זיך פון סוכאָטע און פון חאָלערא). III. פּראַקטישע אַבטהײלונג: ידיעות פאַר עמיגראַנטען, — מאָס און וואָג אין די הויפּט-לענדער פון דער וועלט.

די וואָס שרײַבען אויס דעם „זאַמעלבוך" דירעקט פון פערלאַג, צאָהלען נישט פאַר פּאָרטאָ.

די אדרעסע פון פערלאג „קולטור":
Издательство „КУЛЬТУРЪ", г. г. Минскъ.
Verlag „KULTUR", Minsk (Gouv.-Stadt) Russland.

פערלאַג „קולטור"

ס. ווּרשאַסקע.

# די יסודות פון דער ❋ ❋ ❋
# ❋ ❋ ❋ ❋ שטאַטס־אָרדנונג
# אין איראָפּאַ און אַמעריקאַ

איבערזעצט דורך ל. שפירא.

רעדיגירט דורך א. ס. עליאשאוו (בעל מחשבות).

פרייז 15 קאפ.

פּאדגורזע, תרס"ו.
דרוק ש. ל. דייטשער.

# די יסודות פון דער שטאטס־ארדנונג אין אייראפא און אמעריקא.

א שטאט (מלוכה) איז א פעראייניגונג פון מענשען. דאס ווארט „פעראייניגונג" דארף מען דא פערשטעהן נישט אין זינען פון פריינדשאפט, גישט אלס בעזונדערס פריינדליכע בעציהונגען, נאר גאנץ איינפאך אלס א פעראייניגונג פון מענשען, וואס האבען אלגעמיינע אויפגאבען, לעבען ביי איין אלגעמיינער ארדנונג און האבען אנ'אלגעמיינע רעגירונגסמאכט איבער זיך. דאס ציעל פון רעגירונגסמאכט איז אונטערצוהאלטען די דאזיגע ארדנונג און אויסצופילען די דאזיגע אויפגאבען.

די מענשליכע געזעלשאפט אין שטאט זעצט זיך צונויף אין א געוויסען אופן, לויט א געוויסען פלאן, אדער, ווי מען זאגט, די איז ארגאניזירט. מען קאן דעריבער זאגען, אז א שטאט איז אנ'ארגאניזאציע פון מענשען. דאס ווארט „ארגאניזאציע" איז דא פינקטליכער פונ'ם ווארט „פעראייניגונג", דען ביי א פעראייניגונג זענען מיר משער, אז מענשען האבען זיך פעראייניגט צווישען זיך מיט'ן אייגענעם רצון. אין א שטאטס־פעראייניגונג אבער איז שטענדיג פארהאן א מאכט, וועלכע אלע מוזען געהארכען, צי מען וויל צי גישט. דערמיט טאקי אונטערשיידט זיך א שטאט פון אלע אנדערע מענשליכע פעראייניגונגען און חברות, דאס אין שטאט מוז מען פאלגען דער מאכט, די מאכט אין איהם האט א צווינגענדע קראפט. מיר קאנען דעריבער זאגען, אז א שטאט איז אזא ארגאניזאציע, אין וועלכע די מענשען זענען געצווינגען אריינצוטרעטען.

נאר מענשען וואהנען אויף דער ערד. דעריבער מוז אויך זייער ארגאניזאציע פערנעהמען א געוויסען פלאץ אויף דער אויבערפלעכע פון דער ערד. דער דאזיגער פלאץ, וואס געהערט צו'ם שטאט און וועלכער געפינט זיך אונטער זיין אויבערמאכט, ווערט אנגערופען די טעריטאריע פונ'ם שטאט. ווער עס טרעט ארויף אויף די דאזיגע

מעריטאָריע, אַפּילו אַ אויסלענדער, מוז פֿאָלגען דער אויבערמאַכט פֿון שטאַט. ווען ניט, וואָלט דאָך יעדער פֿרעמדער קאָנען ברעכען די שטאַטס-אָרדנונג. איצט, הייסט עס, קאָנען מיר שוין זאָגען: אַז אַ שטאַט איז אַן אָרגאַניזאַציע פֿון מענשען אויף אַ בעשטימטער טעריטאָריע, וואָס איז געצוואונגען צו געהאָרכען אַ געוויסער אויבערמאַכט.

אויפ'ן ערשטען קוק קאָן זיך דאַכטען, אַז ניט נאָר די שטאַטס-מאַכט אַליין האָט דאָס רעכט צו צווינגען מענשען, זיי זאָלען איהר געהאָרכען. אין דער פֿאַמיליע נעוועלטיגט דער פֿאָטער איבער די קינדער, אין אַרטעל געהאָרכען אַלע דעם עלטסטען, אין אַזוי ווייטער. די מעשה איז אָבער, דאָס אין דער פֿאַמיליע, אין אַרטעלען, אין חברות הערשט מען ניט זעלבסטשטענדיג, נאָר מיט דער ערלויבניש פֿון דער שטאַטס-רעגירונג. די שטאַטס-מאַכט גיט דעם פֿאָטער פֿון דער פֿאַמיליע, דעם פּרעזידענט פֿון דער חברה אין אַנדערע מענשען אַ געוויסען טהייל מאַכט אין בעשטימט די גרענעצען פֿון זייער הערשאַפֿט. אָבער די שטאַטס-הערשאַפֿט אַליין בעקומט איהר מאַכט פֿון ערגעץ ניט, אין איז פֿון קיינעם ניט בעגרענעצט. אַזאַ זעלבסטשטענדיגע, אונבעגרענעצטע מאַכט רופֿט מען אויבערהער-שאַפֿט אָדער סוווערעניטעט, אין דער, ווער עס בעזיצט זי, הייסט סוווערען (אַ מושל בעצמו). די דאָזיגע הערשאַפֿט איז איינגעפֿיהרט געוואָרען פֿון זיך זעלבסט, דורכ'ן נאַטירליכען גאַנג פֿון דער מענשליכער געשיכטע; קיינער האָט זי ניט בעשאַפֿען, קיינער האָט זי ניט געגרינדעט.

אין אָנהויב פֿון מענשליכען לעבען אויף דער ערד, ווען די בעפֿעלקערונג איז נעווען נאָך ניט גרויס, זענען מענשען אויסגעקומען אָהן אַ שטאַטס-הערשאַפֿט. שפּעטער אָבער, ווען בעזונדערע שטאַמען (שבטים) הויבען אָן צו פֿיהרען קריעג איינער מיט'ן צווייטען וועגען ערד; מוזען שוין די מיטגליעדער פֿון יעדען שטאַם פֿיהרען זייער טהעטיגקייט צוזאַמען, לויט אַ בעשטימטען פּלאַן. עס ווערט נויטיג אַן אַנפֿיהרער אין דער מלחמה. דער אַנפֿיהרער, וואָס האָט געהערשט אין דער צייט פֿון קריעג, ווערט שוין ניט גלייך צו די איבריגע מענשען פֿון זיין שבט. איהם הויבט מען אָן צו פֿאָלגען אויך אין פֿריעדליכע צייטען, אויך בעקומט ער דעם גרעסטען חלק פֿונ'ם רויב.

אין זיינע הענד זאמעלט זיך אן א רייכטום, וועלכען קיינער אין שטאם, אויסער איהם, פערמאגט דאס נישט, און צוליעב זיין רייכקייט פערשטארקט זיך נאך מעהר זיין מאכט און איינפלוס. מיט דער צייט רינגעלט ער זיך ארום מיט אייגענע בעהעלפער, וואס העלפען איהם אין קריעג, ווי אויך אין דער צייט פון פריעדען. פון איהם בעקומען זיי א געוויסען טייל פון זיין הערשאפט איבער'ן שטאם און א היבשען חלק פונ'ם רויב. אט אזוי שיידעט זיך אב פון דער גאנצער פאלקסמאסע א בעזונדערער קלאס פון שטענדיגע קריעגסלייט, וואס בעקומען א דאפעלטע קראפט צוליעב די וואפען און רייכטימער וואס ליעגען אין זייערע הענד. אין מלחמות בעזיעגט איין פאלק דאס צווייטע; דאן האפען די זיעגער אריין די ערד פון די בעזיעגטע און טיילען זי צווישען זיך. דערביי, פערשטעהט זיך, פאלט אריין דער גרעסטער און בעסטער חלק וויעדער טאקי אין די הענד פון אנפיהרער און פון די שטענדיגע העלפער זיינע, די קריעגסלייט. די לאגע פון בעצוואונגענעם פאלק איז ערגער, אלס די לאגע פון דער אייגענער ארעמער פרייער בעפעלקערונג. איבער די בעזיעגטע האט דער אנפיהרער א גרעסערע מאכט, ווי איבער די שוואכערע פון אייגענעם שטאם. מיט דער צייט אבער פערשפרייט זיך די דאזיגע מאכט אויך אויף די מיטגליעדער פון אייגענעם שטאם וויבאלד די ארעמערע צווישען זיי מישען זיך ביסלעכווייז אויס מיט'ן בעזיעגטען פאלק. אט אזוי טיילען זיך ארויס, א דאנק די מלחמות, בעזונדערע הערשענדע קלאסען, און עס ווערט בעשאפען א סיווערענמאכט. די דאזיגע הערשאפט גיעט ארויס געזעצען, רעגיערט איבער'ן לאנד אין דער צייט פון קריעג און פריעדען און משפט דאס פאלק. דערביי שטיצט זיך די מאכט אויף די הערשענדע קלאסען, וועלכע זי מוז דערום געבען נייע פריווילעגיען. מיט דער צייט ווערט דאס פאלק צעשפאלטען אויף צוויי בעזונדערע און פערשיעדענע טיילען: אויף א מאסע פון פערקנעכטעטע דארפסלייט אהן רעכטען און אויף א קלאס פון הערשער-ערדבעזיצער (פעאדאלען, פריצים), וואס בעשטעהט פון קריעגסלייט און פון גייסטליכען שטאנד. דער לעצטער שטאנד, אלס גייסטליכער פערהייליגט דערנאך די אויבערמאכט פון דעם הערשענדען קלאס, צו וועלכען זי געהערט אליין אויך.

אזא ארגאניזירטעס געוועלטיגען פון איין קלאס איבער דעם

צווייטען האָט זיך געצויגען ביז'ן XVIII יאָהרהונדערט. און נאָר אין די שטעדט אליין. וועלכע זענען געווען ארומגעשלאָסען מיט פֿעסטע מויערען. איז די בעפֿעלקערונג פֿערבליבען אין א געוויסען מאָס פֿריי און האָט זיך געוועהרט געגען דעם דעספּאָטיזם פֿון די פֿעאָדאַלען. אין די דאָזיגע שטעדט האָבען זיך ביסלעכווייז אָנגעזאַמעלט רייכטימער און קענטענישען. און דאָ טאַקי איז צום ערשטען מאָל געבוירען געוואָרען דער געדאַנק, אַז אין דער מלוכה קאָן און דאַרף הערשען אַ בעסערער און גערעכטערער סדר. רעדענדיג וועגען דער אַמאָליגער צייט, האָט דער פֿילאָזאָף אויסגעדריקט דעם דאָזיגען געדאַנק אין פֿאָלגענדע ווערטער: „דער מענש ווערט געבוירען אַ פֿרייער. נאָר אומעטום איז ער אין קייטען".

ווען אַזאַ מיינונג האָט זיך פֿערשפּרייט צווישען פֿאָלק, האָט שוין די עקזיסטירענדע שטאַאטס-אָרדנונג פֿערלוירען איהר פֿעסטיקייט, דען די אָרדנונג שטיצט זיך ניכט נאָר אויף רוהע קראַפֿט אַליין. דאָס פֿאָלק אַלס גאַנצעס דאַרף געפֿינען די עקזיסטירענדע אָרדנונג פֿאַר גוט. די בעפֿעלקערונג דאַרף מיינען, אַז פֿאַר די אָנגעוואוהרענע פֿרייהייט בעקומט זי פֿון שטאַאט אַנדערע נוצען. וואָס בעלוינען זי פֿאַר דעם שאָדען. די מיינונג מעג זיך זיין פֿאַלש. אָבער עקזיסטירען מוז זי. קיים ווערט די דאָזיגע מיינונג צעשטערט, מוז די שטאַאטס-אָרדנונג פֿאַלען, דען סוף כל סוף איז דאָך דאָס רוב שטאַרקער.

דאָס פֿאָלק קאָן ניכט זיין אייגענער אונטערדריקער. עס איז אָבער געצוואונגען איבערצוגעבען די איינצעלנע אָבטיילונגען פֿון דער פֿערוואַלטונג צו בעזונדערע אַנשטאַלטען (אָרגאַנען). אָט די נויטווענדיגקייט איבערצוגעבען די מאַכט אין די הענד פֿון איינצעלנע מענשען אָדער פֿון אַ פֿערזאַמלונג — האָט שטאַרק בעאונרוהיגט נאָך די פֿאָר-רעוואָלוציאָנישע שרייבער פֿון XVIII יאָהרהונדערט. און דאָס איז גאַנץ פֿערשטענדליך, דען פֿיעלע ביישפּיעלען אין דער היסטאָריע בעווייזען, אַז ווער עס בעקומט נאָר די מאַכט אין די הענד בעמיהט זיך דערנאָך זי צו פֿערגרעסערן, צו מאַכען זיין הערשאַפֿט אונבעגרענצט. אַזוי אַז זיינע אונטערטאַנען פֿערוואַנדלען זיך אין קנעכט. ביי מענשען איז דעריבער געבוירען געוואָרען דער וואונש אַזוי צו אָרגאַניזירען די שטאַאטס-מאַכט. דאָס זי זאָל ניכט קאָנען ווערען דעספּאָטיש. דאָס זי זאָל ניכט האָבען די מעגליכקייט צו אונטער-

דריקען די פרייהייט פון יָחיד און כְּלָל. און אַזוי ווי ענגלאַנד איז געווען די איינציגע אייראָפּעאישע מְלוּכָה, וואו עס האָט געלעבט אין פרייהייט געוויסערמאַסען, האָט מען זיך פלייסיג גענומען צו דערלערנען די שטאַטס-אָרדנונג פונ׳ם דאָזיגען לאַנד. צווישען די לערנער אין פאָרשער איז געווען אויך דער בעריהמטער שרייבער פון יענער צייט מאָנטעסקיע. וואָס מיט זיין נאָמען איז פערבונדען די לעהרע וועגען דער „צעטיילונג פון די מאַכטען”. אייגענטליך, וועגען דיזעלבע געדאַנקען אַרויסגעזאָגט געוואָרען נאָך פריהער פאַר מאָנטעסקיע. נאָר ער האָט זיי פעראייניגט אין אַ האַרמאָנישע פאָרם. געמאַכט דערפון אַ גאַנצע שִׁיטָה. אויספאָרשענדיג די שטאַטס-אַנשטאַלטען פון ענגלאַנד. האָט מאָנטעסקיע בעמערקט, אַז די שטאַטס-מאַכט ליגט דאָרט נישט אין די הענד פון אַ וועלכען עס איז איינציגען אָרגאַן, נאָר זי איז פערטיילט צווישען עטליכע. אָט דאָס האָט איהם געבראַכט אויף דעם געדאַנק. אַז די פאָלקספרייהייט איז מעגליך נאָר ביי אַזאַ צעטיילונג פון די מאַכטען. די פערשידענע מאַכטען האַלטען-איין איינע די אַנדערע און דערלאָזען נישט. אַז עמיצער פון זיי זאָל ווערען אַנ׳אונבעגרענצטער דעספאָט. לויט דער לעהרע פון מאָנטעסקיע דאַרפען אין שטאַט עקזיסטירען דריי מאַכטען. פריהער פאַר אַלעם נויטיגט זיך די מְלוּכָה אין אַלגעמיינע תַּקָנוֹת. אָדער נאָרמען, וואָס זענען אַ חוֹב-זאַך פאַר די גאַנצע בעפעלקערונג און פאַר אַלע שטאַטס-אַנשטאַלטען. די דאָזיגע נאָרמען אָדער געזעצען ווערען אַרויסגעגעבען פון אַ בעזונדערער מאַכט. וואָס טראָגט דעם נאָמען די געזעצגעבענדע מאַכט. עס איז אָבער נאָך ווייניג אַ געזעץ אַרויסצוגעבען. — מען דאַרף עס נאָך מְקַיֵם זיין, ווי די קייזערין יעקאַטערינאַ די צווייטע האָט געזאָגט: „עס לוינט נישט געזעצען צו שרייבען, אויב מען איז זיי נישט מְקַיֵם”. די געזעצגעבענדע מאַכט בעשטימט, צו׳ם ביישפיעל. דעם סכום פון די שטייערען. וואָס דאָס פאָלק איז מְחוּיָב אָבצוצאָהלען: עס מוז אָבער נאָך פיעל געאַרבייט ווערען, אום די שטייערען זאָלען ווירקליך איינגעזאַמעלט ווערען אין די שטאַטס-קאַסע. די מאַכט, וואָס גיעט אַכטונג, אַז די דאָזיגע אַרבייט זאָל געטהון ווערען. הייסט, די אויספיהרענדע אָדער אַדמיניסטראַטיווע מאַכט. אויסערדעם, איז שטענדיג מעגליך נישט בלויז אַז מען זאָל די געזעצען נישט פאָלגען. — עס קאָן גרייליך טרעפען. מען זאָל זיך זיי גאָר שטעלען ענטגעגען.

דאַן איז נײטיג אַ דריטע מאַכט — אַ געריכטליכע (יוסטיץ), װאָס איהר אױפגאַבע איז — צו שטאַרקען דעם כּח פונ'ם געזעץ. צו דעם צװעק בעקומט די געריכטס-מאַכט דאָס רעכט אַרױפצולעגען אַ שטראָף פאַר אַ פערברעכען געגען געזעץ, (קרימינאַל-געריכט), און אַרױסצוזאָגען איהר משפּט אין מחלוקת צװישען בירגער איבער זײערע רעכטען, (ציװיל-געריכט). װען די אַלע דרײ מאַכטען טהוען זיך יעדער בעזונדער זײער זאַך, נישט מישענדיג זיך אין פרעמדע געשעפטען; װען יעדע פון זײ איז װאָלבסטשטענדיג אין איהר טהעטיגקײט, — דאַן קאָן קײן אײנציגער פון זײ נישט װערען דעספּאָטיש און אונטערדריקען די פרײהײט פון דער בעפעלקערונג. מאָנטעסקיע װאָלבסט רעדט װעגען דעם אַזױ: „װען די געזעצגעבענדע און אדמיניסטראַטיװע מאַכטען זענען פעראײניגט אין אײנער און דערזעלבער פּערזאָן, אָדער אין אײנער און דערזעלבער קאָרפּאָראַציע, װי למשל דער סענאַט, דאַן איז קײן פרײהײט נישט פאַרהאַן, דען מען קאָן זיך שטענדיג ריכטען, אַז אַזאַ מאָנאַרך אָדער אַזאַ סענאַט זאָלען אַרױסגעבען טיראַנישע געזעצען, אום זײ נאָכדעם טיראַניש אױסצופיהרען. קײן פרײהײט איז נישטאָ אױך דאַן, װען די געריכטליכע מאַכט איז נישט אָבגעשײדט פון דער געזעצגעבענדער אָדער אַדמיניסטראַטיװער: איז זי פעראײניגט מיט דער געזעצגעבענדער, איז דאַן דאָס לעבען און די פרײהײט פונ'ם בירגער אין גאַנצען בײ'ם ריכטער אין די הענד, דען ער איז אין דערזעלבער צײט אױך געזעצגעבער; איז זי פעראײניגט מיט דער אדמיניסטראַטיװער, בעקומט דער ריכטער 'די קראַפט פון אַן'אונטערדריקער. און ערגער פון אַלעס איז, אױב אײנע און די זעלבע פּערזאָן, אָדער אײנע און די זעלבע קאָרפּאָראַציע פון שׂררות — אַלין אײנס, צו אַריסטאָקראַטען, צי פאָלקספערטרעטער — בעזיצט די אַלע דרײ מאַכטען: די מאַכט אַרױסצוגעבען געזעצען, די מאַכט זײ אױסצופיהרען און די מאַכט צו זײן דער שופט בײ פערברעכען אָדער מחלוקת צװישען פּריװאַט-מענשען". „אַזאַ רעגיערונג, מײנט מאָנטעסקיע, װאָלט געקאָנט חרוב מאַכען די גאַנצע מלוכה דורך איהרע געזעצען און, בעזיצענדיג די געריכטס-מאַכט, װאָלט זי זײן אימשטאַנד צו פערניכטען יעדען אײנ-צעלנעם בירגער דורך אַבי װאָס פון אַ פּסק-דין". װײטער ערקלערט מאָנטעסקיע, װי אַזױ יעדע מאַכט בעזונדער דאַרף זײן אײנגע-אָרדענט. אום זי זאָל קאָנען ערפילען איהר אױפגאַבע: „אַזױ װי אין

אַ פֿרייַען שטאַט דאַרף יעֶדעֶר מענש מיט אַ פֿרייַען גייַסט רעגירען איבּער זיך אַליין, דעריבּער דאַרף די געזעצגעבּענדע מאַכט געהערען צו'ם גאַנצען פֿאָלק; נאָר אַזוֹי ווי אין גרויסע מלוכות איז עס אונמעגליך, איז נויטיג, אַז די געזעצען זאָלען געגעבּען ווערען דורך אויסדערוועהלטע פֿון פֿאָלק. די אַדמינִיסטראַטיווע מאַכט דאַרף זייַן אין די הענד פֿון איין מאָנאַרך, דען דאָ פֿאָדערט זיך געשווינד אָנצונעהמען אַ בּעשלוס און בּאַלד טאַקי איהם דורכצופֿיהרען. די דריטע מאַכט — די געריכטליכע איז גלייַכער פֿון אַלעם צו פֿערטרויען געשוואָרענע ריכטער, וואָס ווערען אויפֿגערופֿען פֿון פֿאָלק גופֿא. דאַמאָלסט פֿערליערט די־שטאַטס־מאַכט איהר שרעקליך אויסזעהען, און דאָס פֿאָלק הויבּט אָן מורא צו האָבּען נישט פֿאַר די ריכטער נאָר פֿאַר'ן געריכט".

אָט אַזוֹי, לויט מאָנטעסקיע'ס מיינונג, דאַרף אַ שטאַט זייַן אָרגאַניזירט, און אַזאַ אָרגאַניזאַציע, ווי איהם האָט זיך געדאַכט, איז געוועזען אין ענגלאַנד. ווען מיר וועלען אָבּער בּעקוקען די פּאָליטישע אָרדנונג פֿונ'ם דאָזיגען לאַנד, וועלען מיר זיך איבּערצייַגען, אַז מאָנטעסקיע האָט געהאַט אַ גרויסען טָעות: אַזוֹי צעטיילט זענען דאָרט די מאַכטען קיינמאָל נישט געוועזען; פֿערקעהרט, [זיי] האָבּען זיך ווי פֿערוויקעלט און איבּערגעפֿלאָכטען צווישען זיך, זייַענדיג אין פֿיעלע הינזיכטען אָבּהענגיג איינע פֿון דער צווייטער. מיר וועלען דאָ בּעטראַכטען די אָרדנונג פֿון ענגלאַנד אין איהר איצטיגער פֿאָרם, מיר מוזען אָבּער בּעמערקען, אַז אין איהרע וויכטיגסטע טיילען איז די אין XVIII יאָהרהונדערט געוועזען דיזעלבּע, וואָס הייַנט.

I.

אין ענגלאַנד עקזיסטירען פֿאָלגענדע העכערע שטאַטס־אַנשטאַלטען:

1) אַ קעניג, וואָס זייַן טיטעל געהט־איבּער אין דער פֿאַמיליע בּירושה: 2) אַ פּאַרלאַמענט, וואָס בּעשטעהט פֿון צוויי קאַמערען (פּאַראַטעס) אָדער הייַזער: פֿון דעם לאָרדענהויז (אָדער אויבּערהויז) אַוואו עס זיצען די אַריסטאָקראַטען (די עדעללייַט, יַחְסָנים) פֿון ענגלאַנד, שאָטלאַנד און אירלאַנד, און פֿון דעם געמיינדענהויז (אָדער אונטערהויז) אין וועלכען עס קומען צוזאַמען די פֿאָרשטעהער פֿון די גראַפֿ־

שאַפֿטֶען *). שטעֶרט אוּן אוּנִיווערזִיטעֶטען : 3) דאָס ווֶעסטמִינסטעֶר-געֶרִיכט. דִי העֶכסטעֶ געֶרִיכטס-אַנשטאַלט (בֵּית־דִין).

אוּיפ׳ן עֶרשטעֶן קוּק דאַכט זִיךְ, אַז דִי גאַנצעֶ מאַכט. אָדעֶר הֶערשאַפֿט לִיעגט בַּיי׳ם קעֶנִיג אִין דִי העֶנד. אַלס ראֹש פֿוּן דעֶר אַדמִינִיסטראַטִיווֶער מאַכט. בּעֶשטִימט עֶר מִינִיסטאָרעֶן ; דִי דִי פִֿינאַנסעֶן, דִי אַרמעֶע אוּן דעֶר פֿלאָט פֿוּן לאַנד געֶפִֿינעֶן זִיךְ אוּנטעֶר זַיין בּעֶפֿעֶהל ; עֶר עֶרקלעֶרט קרִיעג אוּן שלִיעסט פֿרִיעדעֶן ; עֶר שלִיעסט טראַקטאַטעֶן (אָבּמאַכעֶן) מִיט אוּיסלעֶנדִישעֶ מלוּכוֹת אוּן עֶר אַלֵיין בּעֶשטִימט אַהִין זַיינעֶ פֿאָרשטעֶהעֶר (בּאָטשאַפֿטעֶר אוּן אַנדעֶרעֶ „דִיפּלאָמאַטִישעֶ אַגעֶנטעֶן“). אַלס ראֹש פֿוּן דעֶר גאַנצעֶר מְלוּכָה, פֿעֶרעֶפֿעֶנטלִיכט דעֶר קעֶנִיג אִין זַיין נאָמעֶן אוּן מִיט זַיין אוּנטעֶרשרִיפֿט אַלעֶ געֶזעֶצעֶן. וואָס בּיידעֶ קאַמעֶרעֶן פֿוּן פּאַרלאַמעֶנט האָבּעֶן אוּיסגעֶאַרבּייט אוּן אָנגעֶנוּמעֶן ; עֶר רוּפֿט צוּזאַמעֶן דאָס פּאַרלאַמעֶנט אוּן עֶפֿעֶנט אַלֵיין זַיין סעֶסִיעֶ **) מִיט אַ טראָן רעֶדעֶ, אִין וועֶלכעֶר עֶס זעֶנעֶן אָנגעֶצייכעֶנט דִי רעֶפֿאָרמעֶן. וואָס דִי רעֶגִירוּנג האָט בְּדֵעָה דוּרכצוּפִֿירעֶן. דעֶר קעֶנִיג האָט דִי מאַכט נִישט אייַנצוּווִילִיגעֶן צוּ פּוּבּלִיקִירעֶן אַ געֶזעֶץ, וואָס דאָס פּאַרלאַמעֶנט האָט עֶס ווּאָטִירט (אָנגעֶנוּמעֶן מִיט אַ רוֹב דֵעוֹת) ; עֶר קאָן פֿאַנאַנדעֶרלאָזעֶן דאָס אוּנטעֶרהוֹיז פֿאַר׳ן טעֶרמִין אוּן בּעֶשטִימעֶן נַייעֶ וואַהלעֶן ; אִין דאָס אוּיבּעֶרהוֹיז קאָן עֶר אַרייַנפִֿיהרעֶן נַייעֶ מִיטגלִיעדעֶר וויפִֿיעל עֶר ווִיל, דאַדוּרךְ וואָס עֶר שעֶנקט ווֶעמעֶן עֶר ווִיל דעֶם טִיטעֶל לאָרד. דעֶן יעֶדעֶר לאָרד האָט דאָס רעֶכט צוּ זִיצעֶן אִין לאָרדעֶנהוֹיז. וואָס אַנבּעֶלאַנגט צוּ׳ם געֶרִיכט, בּעֶשטִימט דעֶר קעֶנִיג דִי מִיטגלִיעדעֶר פֿוּן ווֶעסטמִינסטעֶר-געֶרִיכט. ווִי אוּיךְ דִי פֿרִיעדעֶנסרִיכטעֶר אִין דִי גראַפֿשאַפֿטעֶן. עֶר טאַקִי בּעֶשטִימט דעֶם יוּסטִין-מִינִיסטעֶר, וואָס אוּנטעֶר אִיהם זעֶנעֶן אַלעֶ פּראָקוּראָרעֶן אוּנטעֶרגעֶוואָרפֿעֶן אוּן וועֶלכעֶר גִיעט אַכט רעֶווִיף, אַז דִי פּראָצעֶסעֶן זאָלעֶן נִישט געֶפִֿיהרט ווֶערעֶן צוּ לאַנגזאַם אוּן אַז קֵיינעֶר פֿוּן דִי. וואָס זוּכעֶן געֶרעֶכטִיגקֵייט, זאָל נִישט

*) אַדמִינִיסטראַטִיווע בּעֶצירקען אִין ענגלאַנד, ווי אִין רוסלאַנד די גובערניעס.

**) סעסיע רופֿט מען די זיצונגען פֿון פּאַרלאַמענט, וואָס ציהען זיך אין אַ געוויסע צייט פֿון יאָהר טאָג פֿאַר טאָג. אין מאַנכע לענדער, צו׳ם ביישפּיעל אין פֿראַנקרייך, בּעשטימט דאָס געזעץ פּינקטליך דעם אָנהויבּ פֿון דער יעהרליכער סעסיע אין פּאַרלאַמענט און די צייט וואָס זי דאַרף דויערן.

אַוועקגעהן פֿוּן געריִכט ניִשט בעפֿריִעדיִגט. דער קעניִג האָט דאָס רעכט מוֹחל צוּ זײַן אַ פֿעראוּרטײַלטען, ווי אוֹיך אָבצוּשטעלען אַ פּראָצעס. וואָס מען האָט אָנגעהוֹיבען געגען אַ בעשוּלדיִגטען.

איִן דעם קעניִג הײַסט עס. האָבען זיִך ווי פֿעראײַניִגט אַלע מאַכטען: איִן זײַן נאָמען גיִעט מען אַרוֹיס געזעצען אוּן אַדמיִניִסטראַטיִווע פֿעראָרדנוּנגען, איִן זײַן נאָמען ווערען געפֿיִהרט אַלע קריִמיִנאַל- אוּן ציִוויִל-פּראָצעסען. דעריִבער האָבען אײַניִגע געלעהרטע גערעכענט. אַז דער קעניִג בעזיִצט גאָר אַ בעזוּנדערע מאַכט, וואָס אוּנטערשײַדט זיִך ווי פֿוּן דער געזעצגעבענדער, אַזוֹי אוֹיך פֿוּן דער אַדמיִניִסטראַטיִווער אוּן געריִכטליִכער. „ער שוועבט איִן דער הוֹיך. איִבער אַלע מענשליִכע פּניוֹת אוּן אוֹיפֿרעגוּנגען", האָט בענזשאַמען קאָנסטאַן געשריִבען וועגען קעניִג. דער דאָזיִגער געלעהרטער האָט זיִך פֿאָרגעשטעלט. אַז דער קעניִג געהערט ניִשט צוּ קײן פּאַרטײ. שטעהט העכער פֿוּן אַלע אַנדערע מאַכטען אוּן ברענגט אַרײַן איִן זײער טהעטיִגקײט אַ סדר אוּן אַ שלוֹם. מיִר האָבען שוֹין אָבער געזעהען, אַז בעשאַפֿען געוואָרען איִז די מאַכט פֿוּן קעניִג צוּליִעב דעם אוֹיסערליִכען קאַמפּף צוויִשען די פֿעלקער. אוּן ענטוויִקעלט האָט זי זיִך צוּליִעב דעם איִנערליִכען קאַמפּף צוויִשען קלאַסען פֿוּן אײן אוּן דעמזעלבען פֿאָלק.

איִן אָנהוֹיב איִז די מאַכט פֿוּן קעניִג איִן ענגלאַנד געוועזען אַזוֹי שטאַרק, דאָס זי האָט אַריִבערגעוואָגען דאָס „פֿאָלק" מיִט דער אַריִסטאָקראַטיִע צוּזאַמען. די דאָזיִגע צווײ קלאַסען, האָטש זײ האָבען פֿײַנד אײנער דעם צווײטען, האָבען זיִך דעריִבער גאַנץ אָפֿט פֿעראײניִגט געגען קעניִג. דאַן פֿלעגט דער קעניִג זײַן געצוואוּנגען אָבצוּטרעטען אַ טײל פֿוּן זײַן מאַכט. אוּן אוֹיסערדעם אַנצוּערקענען פֿאַר יעדען ענגלענדער געוויִסע רעכטען. די וויִכטיִגסטע בעגעבענהײטען איִן דער בעציִהוּנג זענען: 1) די גרוֹיסע האַרטע*) פֿוּן פֿרײַהײטען פֿוּן 1215-טען יאָהר, לוֹיט וועלכער קײן איינציִגער פֿרײַער מענש טאָר ניִשט אַרעסטיִרט ווערען. סײַדען איִהם פֿעראוּרטײלט דערצוּ אַ געריִכט פֿוּן מענשען. וואָס געניִעסען מיִט איִהם גלײַכע רעכטען; 2) די פּעטיִציִע**) וועגען די רעכטען פֿוּן 1628-טען יאָהר. וואָס איִהר

*) מְגִלָּה.

**) בַּקָּשָׁה, שְׁתַּדְלָנוּת.

האָט מען צו דאַנקען דאָס געזעץ, אַז יעדען אַרעסטירטען דאַרף מען פֿאָרשטעלען פֿאַר דאָס געריכט, אום דאַס לעצטע זאָל בעטראַכטען די אורזאַכען פֿון אַרעסט, און אַרויסזאָגען זײַן פְּסַק־דין, אויב מען זאָל דעם בעשולדיגטען בעפֿרײַען אָדער אַרעסטירען; דערמיט האָט דאָס געזעץ אַנערקענט, אַז אֲפִילוּ דער קעניג זעלבסט האָט נישט דאָס רעכט צו האַלטען ווען עס איז אין תְּפִיסָה; 3) דער אַקט, בעוואוסט מיט'ן נאָמען „האַבעאַס־קאָרפּוס" (Habeas Corpus) *) פֿון 1679-טען יאָהר, וואָס האָט פּינקטליך בעשטימט דעם טערמין, ווען דער אַרעסטירטער מוז געשטעלט ווערען פֿאַר'ן געריכט, און האָט פֿערוועהרט ווידער צו אַרעסטירען דעם מענשען, וואָס איז בעפֿרײַט געוואָרען לויט בעפֿעהל פֿונ'ם געריכט. פֿאַר'ן שטעלען דעם אַרעסטאַנט צום געריכט שפּעטער פֿון טערמין — מוז דער, וואָס האָט איהם אַרעסטירט, בעצאָהלען שטראָף צום ערשטען מאָל 100 פֿונט סטערלינג **), צום צווייטען מאָל בעצאָהלט ער 200 פֿונט און ווערט אויסערדעם אָבגעזאָגט פֿון זײַן שטעלע. פֿאַר אַרעסטירען צום צווייטען מאָל דיזעלבע פּערזאָן קומט אַ געלד שטראָף פֿון 500 פֿונט. די זעלבע געלדשטראָף — 500 פֿונט — ווערט אַרויפֿגעלעגט אויפֿ'ן ריכטער, אויב ער האָט זיך אָבגעזאָגט אַרויסצוגעבען אַ בעפֿעהל, אַז מען זאָל איהם צושטעלען דעם אַרעסטירטען. זעהר וויכטיג איז דאָס. וואָס די דאָזיגע געלדשטראָף בעקומט טאַקי דער מענש, וואָס האָט געליטען פֿון אונגעזעצליכען אַרעסט, דען פֿון אַזאַ שטראָף (וואָס קומט אַרײַן נישט אין די שטאַטסקאַסע, נאָר אין פּריוואַט-הענד) קאָן דעם בעשטראָפֿטען בעאַמטען (טשינאָווניק) קיינער נישט בעפֿרײַען אויך נישט זײַן שעף (נאַטשאַלניק). ווײַטער שיצט דאָס געזעץ אין ענגלאַנד די פּריוואַט-וואָהנונגען פֿון יעדען מענשען, דעריבער טאָר די פּאָליציי נישט אַרײַנדרינגען אין אַ פּריוואַט-וואָהנונג אָהן אַ אויסדריקליכען בעפֿעהל פֿון דער געריכטס-מאַכט, סײַדען אין פֿאָלגענדע פֿאַלען: 1) ווען אַהין ווערט אַנטרינען אַ פֿערפֿאָלגטער פֿערברעכער, 2) אויב מען רופֿט פֿון דאָרט צו הילף און 3) בײַ אַ שְׂרֵפָה. אויף אַזאַ אַרט איז די פּערזענליכקייט פֿון ענגלישען בירגער בעוואָהרענט פֿונ'ם דעם-

*) אַ געזעצגעבונגס־אַקט וואָס זיכערט צו יעדען איינצעלנען מענשען די פולע פריהייט פון זיין פערזאָן.

**) אַ פֿונט סטערלינג איז אַנ'ערך 10 רובל.

פּאַטיזם פֿון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט. אויסער פּערזענליכער־פֿרייהייט האָט יעדער דאָס רעכט פֿריי אַרויסצוזאָגען זיינע געדאַנקען דורך דרשות, רעדען ווערטער אָדער אין דער פּרעסע, אויך עקזיסטירט די פֿרייהייט צו גרינדען פֿעראייניגונגען, צו מאַכען פּערזאַמלונגען סטרייקען, ווי אויך פֿרייהייט אין רעליגיאָנס זאַכען. דערצו ווערען אַלע אָבצאָהלונגען אין דער מלוכה בעשטימט נאָר דאַן, ווען דאָס פּאַרלאַמענט וויליגט איין אויף זיי. שוין די דאָזיגע רעכטען אַליין, וואָס געהערען יעדען בירגער בעזונדער און דעם גאַנצען פֿאָלק צוזאַמען, בעגרענצען שטאַרק די מאַכט פֿון קעניג.

אָבער דאָס איז נאָך נישט גאָר. אין דעם קאַמפּף, וואָס דאָס פֿרייע ענגלישע פֿאָלק פֿיהרט אָהן אַ אויפֿהער געגען דער אַמאָליגער דעספּאָטישער מאַכט פֿון זיינע קעניגען, האָבען די לעצטע געמוזט אָבטרעטען פֿון זייערע רעכטען אין דער שטאַטס־פֿיהרונג גופא. געשעהען איז עס אָדער מיט דער הילף פֿון נייע געזעצען, אָדער דורך ניי־איינגעפֿיהרטע מנהגים, וואָס האָבען אין ענגלאַנד די קראַפֿט פֿון געזעצען.

באַלד וועלען מיר זעהן, אַז דאָס פּאַרלאַמענט, וואָס זיין הויפּט־אַרבייט איז געווען — אַרומצורעדען און אַרויסצוגעבען נייע געזעצען, האָט אויסער דעם אויך אַ מאַכט. מיר וועלען אָבער אָנהויבען פֿון זיין ראָלע, וואָס דאָס פּאַרלאַמענט שפּיעלט ביי דער געזעצגעבונג. יעדעס פּראָיעקט פֿון עפּעס אַ געזעץ מוז אַריינגעבראַכט ווערען אין איינע פֿון די פּאַרלאַמענטס־הייזער. דאָס הויז בעטראַכט עס — און נעהמט עס אָן אָדער זאָגט זיך אָב. אויב דאָס פּראָיעקט איז אָנגענומען, געהט עס אַריבער אין דאָס צווייטע הויז (אויבערהויז, לאָרדען קאַמער). דאָס צווייטע בעטראַכט עס און אָדער עס וויליגט־איין אויף דאָס געזעץ, אָדער זאָגט זיך אָב, אָדער ענדערט עס. אין לעצטען פֿאַל קעהרט מען אום דאָס פּראָיעקט צוריק אין דאָס אונטערהויז, וואָס האָט עס פֿריהער אָנגענומען, און עס בעטראַכט די ענדערונגען. אַ פּראָיעקט קאָן ווערען אַ געזעץ נאָר דאַן, ווען ביידע קאַמערען (דאָס אויבער־און אונטער־הויז) האָבען עס אָנגענומען. נאָר פֿריהער דאַרף נאָך דערויף מסכים זיין דער קעניג אויך, און דערנאָך פּובליקירט ער עס שוין פֿון זיין נאָמען. קאָן מען דאָך מיינען, אַז דאָס גיט דעם קעניג אַ מעגליכקייט אַליין אַרויסצוגעבען געזעצען, אָהן דער בעטייליגונג פֿון פּאַרלאַמענט? עס איז אָבער נישט אַזוי: אין פּובליקירטען געזעץ מוז שטעהן גע־

שרייבען בפירוש, אז עס ווערט אַרויסגעגעבען מיט דער הַסְכָּמָה פון פּאַרלאַמענט, און דאָס געדרוקטע געזעץ גופא מוז זיין א פּינקטליכע קאָפּיע, וואָרט אין וואָרט, פון דעם טעקסט (פְּנִים), וואָס דאָס פּאַרלאַמענט האָט אָנגענומען. אויסער'ן קעניג דאַרף זיך נאָך אונטערשרייבען דערויף דער מיניסטער, וואָס צו זיין פּערוואַלטונג איז דאָס נייע געזעץ שייך. די מיניסטאָרען אין ענגלאַנד זענען אָבער פּעראַנטוואָרטליך פאַר זייערע מַעֲשִׂים פאַר'ן פּאַרלאַמענט, דעריבער וועט קיין איינציגער מיניסטער נישט געבען זיין חֲתִימָה (דאָס רופט מען „קאָנטראַסיגנאַציע") אונטער אַ געזעצפּראָיעקט, ווען דער קעניג איז דערביי עוֹבֵר אויף די געזעצליכע אָרדנונג; דאָס געזעץ וועט, אַלזאָ, נישט האָבען קיין קראַפט, און קיינער וועט איהם נישט מְקַיֵּם זיין, נישט געהאָרכען. נאָר אויב דער קעניג איז נישט אימשטאַנד אַליין אַרויסצוגעבען געזעצען, האָט ער אָבער שטענדיג — קאָן מען מיינען, — אַ מעגליכקייט — נישט צו דערלאָזען אַרויסגעבען אַ „ביל" (געזעץ). וואָס געפעלט איהם נישט, אַרויפצולעגען, הייסט עס, אויף איהם זיין „וועטאָ" (זיך אָבזאָגען איהם צו בעשטעטיגען)? עס האָט שוין אָבער גאַנצע צוויי הונדערט יאָהר, זייט דאָס יאָהר 1707, נישט געטראָפען אַזאַ פאַל, אַז דער קעניג זאָל זיך אָבזאָגען צו סאַנקציאָנירען (בעשטעטיגען) אַ געזעץ, וואָס דאָס פּאַרלאַמענט האָט אָנגענומען. און דאָס איז גאַנץ פערשטענדליך, דען הינטערן פּאַרלאַמענט שטעהט די קראַפט פון גאַנצען פאָלק. צום פאָלק טאַקי קאָן זיך דער קעניג ווענדען, ווען ער אַליין, אָדער זיינע מיניסטאָרען קאָנען זיך אין תּאָס עס איז נישט אויסגלייכען מיט'ן פּאַרלאַמענט. דער קעניג האָט דאָס רעכט פאַנאַנדערצולאָזען די פאָלקס-פערטרעטער פון דעם געמיינדעג-הויז, אייידער עס ענדיגט זיך דער זיבעניעהריגער טערמין, אויף וועלכען זיי ווערען אויסגעוועהלט. דאַן פערענטפערט דאָס פאָלק אַליין די פראַגע: עס ווערען געמאַכט נייע וואַהלען, און אויב דאָס פאָלק וועהלט ווידער אויס אַזעלכע פאָרשטעהער, וואָס פאָדערען דאָס זעלבע, ווי די פאַנאַנדערגעלאָזענע קאַמער, — מוז דער קעניג זיך אונטערגעבען.

דאָס רעכט צונויפצורופען דאָס פּאַרלאַמענט אויף די יעהרליכע סעסיע געהערט דעם קעניג. ווי באַלד אַזוי, וואָלט דאָך דער קעניג געקאָנט אָבלעגען דאָס צונויפרופען פון די פאָלקספערטרעטער און דערמיט נישט דערלאָזען זיי אויף אַ צייט צו האָבען איין איינפלוס

אויף די אנגעלעגענהייטען פון לאנד? איז עס אָבער אויך בּעוואָהרענט. אין ענגלאנד בּעשטעטיגט דאָס פּאַרלאַמענט דעם בּודזשעט (די הַכְנָסוֹת און הוֹצָאוֹת פון דער מְלוּכָה אויף דאָס גאַנצע קומענדע יאָהר) ווי אויך די אויסגאַבּען אויף אויסצוהאַלטען די אַרמעע. אֲפִילוּ דאָס געהאַלט פון׳ם מאָנאַרך זעלבּסט ווערט בּעשטימט דורך אַ בּעזונדערן אַרטיקעל אין בּודזשעט (דער אַרטיקעל הייסט „ציוויל-ליסטע"). און האָטש די סומע פון׳ם געהאַלט ווערט בּעשטימט איין מאָל אויף אַלע מאָל, ווען דער נייער קעניג טרעט אַרויף אויפ׳ן טראָן, דאָך מוז די יעדעס יאָהר וואָטירט ווערען אין פּאַרלאַמענט *). דער ענגלישער קעניג האָט נישט דאָס רעכט איבּערצוהאַקען די זיצונגען פון פּאַרלאַמענט און דאַדורך נישט דערלאָזען אַרומצורעדען אַ געזעץ, וואָס געפעלט איהם נישט. צוליעב די אַלע אורזאַכען ליעגט די געזעצגעבּענדע מאַכט איינגאַנצען בּיי׳ם פּאָלק און זיינע פערטרעטער אין די הענד. וואָס פאַר אַ ראָלע עס שפּיעלט דערבּיי דאָס לאָרדענהויז, וועל איך זאָגען שפּעטער, ווען איך וועל ערקלערען די בּעציהונגען פון די קאַמערען צווישען זיך.

וואָס אַנבּעלאַנגט צו דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט, מוז מען בּעמערקען, אַז איהר טהעטיגקייט בּעשטעהט נישט בּלויז אין אויספיהרען פון די געזעצען אַליין: דורכפיהרענדיג זיי אין לעבּען, מוז שוין די אַדמיניסטראַציע מְמַלֵא מאַכען צו זיי פֵּרוּשִׁים און זיי אויסטייטשען פולער און אויספיהרליכער, דען דאָס געזעץ קאָן נישט פאָראויסזעהן יעדע קלייניגקייט. די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט מוז, הייסט עס, אַרויסגעבּען אַלגעמיינע (וואָס האָבּען אַ שַׁיְכוּת צו אַלעמען) און פּריוואַטע (וואָס האָבּען אַ שַׁיְכוּת צו איינצעלנע מענשען) פעראָרדנונגען. די אַלע פעראָרדנונגען אָבּער דאַרפען זיין געמאַכט אין גייסט פון געזעץ, ד. ה., זיי דאַרפען שטימען מיט די געזעצען גוּפָא. אין יאָהר 1689, אין דער „רעכטען-דעקלאַראַציע", איז אָנגעוויזען געוואָרען בְּפֵרוּש, אַז דער קעניג האָט נישט קיין רעכט צו ערלויבּען וועמען עס איז נישט מְקַיֵים צו זיין די געזעצען. און אֲפִילוּ דער קעניג זעלבּסט איז מְחוּיָב צו ערפילען די פאָדערונגען פון געזעץ. בּיים פערנעהמען דעם

*) אין ענגלאַנד בּעטרעפט דאָס דאָזיגע געהאַלט 885,000 פונט סטערלינג, פון וועלכע 60.000 געהערען דעם קעניג אַליין אויף זיינע אייגענע אויסגאַבּען, דאָס איבּריגע איז פאַר׳ן הויף.

טראָן גיִעט ער אַ פֿאָרמאַלע שבוּעה, „צוּ רעגיִערען לויט די מנהגים, סטאַטוּטען (אוּסטאַווען) און די רעכטען פֿון לאַנד, צוּ העריִשען אויפ'ן יסוד פֿון געזעץ און גערעכטיגקייט". אָבזאָגען זיך פֿון דער שבוּעה איז דאָס אייגענע, ווי אָבזאָגען זיך פֿון דעם טראָן. און עס קוּמט אויס, אַז האָטש דער קעניג האָט אויפ'ן טראָן איין אייגענעס רעכט, וואָס זיין געבוּרט גיִעט איהם, אָבער דאָס דאָזיגע רעכט געהערט צוּ איהם נאָר דענמאָלסט ווען ער איז ממלא געוויסע בעדינגוּנגען.

דער קעניג בעשטימט מיניסטאָרען אויף אַלע פֿערוואַלטוּנגען פֿון דער אַדמיניסטראַציע. אָבער אויך דאָס דאָזיגע רעכט האָט ער ניִשט מעהר אַלס לפנים. דער מנהג איז, אַז די מיניסטאָרען פֿערבלייבען אויף זייערע שטעלען נאָר אַזוי לאַנג, ווי דאָס געמיינדענהויז האָט צוּ זיי צוּטרויען. אויב די קאַמערען נעהמען ניִשט אָן אַ געזעץ, וואָס די מיניסטאָרען האָבען עס פֿאָרגעשלאָגען, אָדער אויב צוּליעב וועלכע עס איז מעשים פֿון דער אַדמיניסטראַציע דריקט דאָס פּאַרלאַמענט אויס זיינע אוּנצוּפֿריעדענהייט קעגען די מיניסטאָרען, — מוּזען די לעצטע פֿערלאָזען זייערע שטעלען. די נייע מיניסטאָרען בעשטימט שוין ניִשט דער קעניג אַליין; ער רוּפֿט נאָר צוּ זיך דעם ליִדער ד. ה. דעם אַנפֿיהרער פֿון יענער פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַט די מעהרהייט אין פּאַרלאַמענט, בעת דאָס מיניסטעריוּם איז געפֿאַלען. דער קעניג לעגט פֿאָר דעם פֿערבעטענעם ליִדער צוּזאַמען צוּשטעלען דאָס מיניסטאָרען־קאַבינעט, ד. ה. אויסצוּקלייבען פֿאַר מיניסטאָרען וועמען ער געפֿינט פֿאַר נויטיג. דער מאַן וואָס איהם האָט מען איבערגעגעבען דאָס צוּזאַמענשטעלען אַ קאַבינעט. ווערט מיניסטער־פּרעזידענט אָדער פּרעמיער (ערשטער מיניסטער), און אוּנטער זיין האַנד ווערט געפֿיהרט די גאַנצע אַדמיניסטראַטיווע טהעטיגקייט אין לאַנד גוּפֿא, ווי אויך דער פֿערקעהר (דאָס מגע וּמשׂא) מיט די אויסלענדישע קעניגרייכען. צוּליעב דעם העננט אָב די אינערליכע און אויסערליכע פּאָליטיק ניִשט פֿון קעניג, נאָר פֿון מיניסטער־פּרעזידענט, וועלכען דער קעניג האָט אויסגעקליבען ניִשט פֿרייוויליג, נאָר דערפֿאַר, ווייל דאָס פּאַרלאַמענט האָט צוּ'ם דאָזיגען מיניסטער צוּטרויען, ד. ה. ווייל זיין פּאַרטיי אין פּאַרלאַמענט איז פֿאָרלויפֿיג די גרעסטע. דערביי דאַרף מען צוּגעבען, אַז יעדע פֿעראָרדנוּנג פֿון דער רעגיִערוּנג ווערט גערעכענט פֿאַר אַ געזעצליכע ערשט דאַן, ווען אויף איהם האָט זיך אוּנטערגעשריבען דער פֿער־

אַנטוואָרטליכער מיניסטער, ד. ה. דער, וואָס אין זיין פֿערוואַלטונג איז די נייע פֿעראָרדנונג געמאַכט געוואָרען.

די פֿאָלקספֿערטרעטער ווירקען אָבער אויף די טהעטיגקייט פֿון די מיניסטאָרען נישט נאָר דורכדעם, וואָס די מעהרהייט פֿון פּאַרלאַמענט צווינגט אָנצונעהמען איהר לידער אַלס מיניסטער-פּרעזידענט. די מיטגלידער פֿון פּאַרלאַמענט האָבען נאָך דאָס רעכט צו פֿאָדערען פֿון די מיניסטאָרען ענטפֿער אויף זייערע פֿראַגען איבער די מַעשׂים פֿון די מיניסטאָרען אַליין אָדער פֿון זייערע אונטערגעגעבענע בעאַמטע. אַזעלכע אָנפֿרעגעניש'ען זענען פֿאַרהאַן צוויי־ערליי: אַ געוועהנליכע פֿראַגע, ווען מען וויל זיך געניער בעקענען מיט די אומשטענדען פֿון אַ געוויסען פֿאַקט אָדער געוואָהר ווערען, וואָס די רעגירונג רעכענט צו טהון אין אַזאַ און אַזאַ פֿאַל, — און אַ פֿראַגע, וואָס מען רופֿט זי אינטערפּעלאַציע, וועלכע מאַכט אַ פֿאָרוואורף דער רעגירונג פֿאַר די אָדער יענע איהרע מַעשׂים. אַ אינטערפּעלאַציע ענדיגט זיך שטענדיג דערמיט, דאָס די קאַמער דריקט אויס דעם מיניסטעריום איהר צופֿרידענהייט אָדער אונצופֿרידענהייט. און דעריבער קאָן אַזאַ פֿראַגע ברענגען דערצו, דאָס איין איינצעלנער מיניסטער אָדער דאָס גאַנצע קאַבינעט זאָל מוזען זיך אָנגעבען אין דימיסיע (אָטסטאַווקע, אָבזאָגען זיך פֿון די שטעלען), ווי באַלד דאָס רוב דריקט אויס דעם מיניסטעריום זיינע אונצופֿרידענהייט. אָט דער לעצטער קאָנטראָל מאַכט די גאַנצע טהעטיגקייט פֿון די מיניסטאָרען אָבהענגיג פֿון די פֿאָלקס-פֿערטרעטער. אֶמת, ווען די קאַמער דריקט-אויס דעם מיניסטעריום איהר אונצופֿריעדענהייט, קאָנען די מיניסטאָרען פּועל'ן ביי'ם קעניג, אַז ער זאָל די קאַמער פֿאַנאַנדערלאָזען. נאָר אויב די ניי-אויסגעוועהלטע פֿערטרעטער האַלטען אויך נישט מיט'ן קאַבינעט, מוזען די מיניסטאָרען פֿאָרט פֿערלאָזען זייערע שטעלען. אַלזאָ דאָס אָנקומען פֿון די מיניסטאָרען אויף זייערע פּאָסטען, זייער טהעטיגקייט און זייער אַוועקגעהען, — דאָס אַלעס ליגט פֿאַקטיש ביי'ם פּאַרלאַמענט אין די הענד. דער קעניג ריהרט זיך קוים צו דערצו און איז אויף אַלין מַסכּים.

די פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון די מיניסטאָרען פֿאַר'ן געריכט ווענדט זיך אויך אָן פּאַרלאַמענט. דאָס אונטערהויז קאָן זיי איבערגעבען צו'ם מִשפָּט פֿונ'ם אויבערהויז. אין אַזאַ פֿאַל האָט דער קעניג

ניִשט דאָס רעכט מוֹחל צוּ זיין. און די מיניסטאָרען קאָנען זיך דערי־בער ניִשט אוֹיסדרעהען פֿוּן שטראָף בְּשׁוּם אוֹפֶן ניִשט.

האָטש דער קעניג רעכענט זיך פֿאַר'ן ראֹש פֿוּן די מיליטער־קרעפֿטען, קאָן ער פֿוּן דעסטוועגען ניִשט קאָמאַנדירען איבער זיי פֿער־זענליך. פֿאַר מיניסטאָרען איבער דער אַרמייע און פֿלאָט ווערען אויס־געקליבען ציווילמענשען (ניִשט קיין קריעגסלייט). און די אויסערע אַנגעלעגענהייטען איז דער קעניג דער פֿאָרשטעהער פֿוּן דער גאַנצער מְלוּכָה, נאָר האַנדעלס־טראַקטאַטען און אַנדערע אָבמאַכונגען, און וועלכע דאָס לאַנד איז זיך מִתְחַיֵב מיט אַ וועלכע עס איז געלדסומען, מוזען פֿאָראויס בעשטעטיגט ווערען דורך די פֿאָלקס־פֿערטרעטער. דער קעניג ערקלערט קריעג און שליעסט פֿריעדען; דאָס פּאַרלאַמענט האָט אָבער בְּיַד ניִשט צוּ געבען קיין געלד אויף די מִלְחָמָה און צוּ צווינ־גען דערמיט די רעגיערונג צוּ האַנדלען לויט זיין פֿערלאַנג.

וואָס אַנבעלאַנגט צו'ם געריכט, איז עס און ענגלאַנד גאַנץ זעלבסטשטענדיג. דאָס איז דערפֿאַר, ווייל די ריכטער קאָן מען ניִשט אָבזאָגען פֿוּן זייערע שטעלען (סיידען זיי האָבען בעגאַנגען אַ פֿער־ברעכען) און ווייל זיי בעקומען אַ גענוגע בעלוינונג פֿאַר זייער מיה; דער ריכטער האָט, אַלזאָ, ניִשט וואָס מוֹרָא צוּ האָבען צוּ פֿערליערען זיין שטעלע און איז ניִשט געצוואונגען צוּ יאָגען זיך נאָך אַ בעסערע. און ווען דער בעשטענדיגער ריכטער קאָן ניִשט אָבגעזאָגט ווערען, זענען די געשוואָרענע ריכטער נאָך פֿרייער און אוּנאַבהענגיגער. זיי ווערען גערופֿען נאָר אויף אַ געוויסע צייט. דיענען גאָר ניִשט ביי דער רעגיערונג. און זי קאָן זיי מיט קיין זאַך ניִשט דריקען. צוליעב דעם רעכנען זיך די ענגלישע ריכטער ביי'ם מִשְׁפָּט נאָר מיט די געזעצען און מיט יענע פֿעראָרדנונגען פֿוּן דער רעגיערונג, וואָס שטימען מיט די געזעצען. און צוּ דעם אַלעם האָט נאָך דאָס פּאַרלאַמענט דאָס רעכט צוּ קאָנטראָלירען די ריכטער אויך און קאָן אַפֿילוּ פֿאָדערן פֿוּן קעניג, ער זאָל אַ ריכטער אָבזאָגען פֿוּן דער שטעלע.

פֿוּן דעם אַלעם, וואָס מיר האָבען געזאָגט, איז צוּ זעהן, אַז די ווירקליכע מאַכט איז אייגגאַנצען ביי'ם פּאַרלאַמענט און די הענד. דעם קעניג איז פֿערבליבען נאָר דער אויסערליכער גלאַנץ פֿוּנ'ם ראֹש איבער די מְלוּכָה. אָבער די פֿאַקטישע מאַכט האָט ער בּיסלעכווייז אָנגעוואָרען. און איצט איז איהם טאַקי געבליבען נאָר, ווי קאָנסטאַן זאָגט

צו „שוועבען“ אין דער לופֿט. ניִשט מישענדיג זיך אין די מַעֲשׂים פֿון די ווירקליכע פֿיהרער. מען קאָן דעריבער ניִשט זאָגען, אַז מאָנטעסקיע איז געווען גערעכט דערמיט וואָס ער האָט גערעכענט, אַז אין ענגלאַנד זענען די מאַכטען אָבגעטיילט איינע פֿון דער צווייטער. ניִשט די מאַכט גופֿא איז דאָ צעטיילט, נאָר איהר טהעטיגקייט איז צעגלידערט אויף איהרע בעזונדערע מינים. און יעדער מין טהעטיגקייט (אָדער, ווי מען זאָגט, יעדע פֿונקציע פֿון דער שטאַטס-מאַכט) איז איבערגעגעבען צו אַ בעזונדערער אַנשטאַלט. צו אַ בעזונדערן שטאַטס-אָרגאַן. די אָבטיילונגען זענען געבונדען צווישען זיך. ווירקען אין געוויסען טייל איינע אויף די צווייטע. און אַלע צוזאַמען זענען זיי אָבהענגיג פֿון פּאַרלאַמענט. וועלכעס איז די העכסטע מאַכט אין שטאַט. מיר מוזען דעריבער גענוי אויספֿאָרשען די אָרגאַניזאַציע פֿונ׳ם ענגלישען פּאַרלאַמענט און דערגעהן. אויף וויפֿיעל די דאָזיגע אַנשטאַלט איז ווירקליך די פֿערטרעטערין פֿון גאַנצען פֿאָלק.

פֿאַר אַלעם וואַרפֿט זיך אין די אויגען דאָס צוויי־קאַמערן-סיסטעם פֿון פּאַרלאַמענט. מאָנטעסקיע אין זיין צייט האָט דערויף געגעבען זעהר ריזיקאַנטע ערקלערונגען. אַזוי ווי. לערנט ער, די בעפֿעלקערונג פֿון שטאַט בעשטעהט פֿון פֿערשידענע אונגלייכע גרופּען, „וואָלט די אַלגעמיינע פֿרייהייט געווען אַ קנעכטשאַפֿט פֿאַר יענע מענשען, וואָס שטעהען. לויט זייער נאָמען. רייכקייט און געזעלשאַפֿטליכען שטאַנד העכער פֿון אַלע אַנדערע בירגער“. דעריבער. מיינט מאָנטעסקיע. דאַרף מען די געזעצגעבענדע מאַכט צעטיילען צווישען דער קאַמער פֿון מאַגנאַטען און דער קאַמער פֿון פֿאָלקספֿערטרעטער אַזוי, אַז יעדע פֿון זיי זאָל האָבען דאָס רעכט ניִשט דערלאָזען צו פֿערווירקליכען אַ געזעץ. וואָס די צווייטע האָט אויסגעאַרבייט. דער תּוֹך פֿון די אַלע רעד איז. אַז מענשען. וואָס געניִעסען פֿון אַלערליי פּריווילעגיען אין דער וועלט. דאַרפֿען נאָך בעקומען פּאָליטישע פּריווילעגיען אויך. וואָרום דאָס פֿערגלייכען זיי מיט׳ן איבריגען פֿאָלק וואָלט פֿאַר זיי געווען שווער. אָבער מיט אַזאַ גאַנג קאָן מען דאָך געפֿינען פֿאַר רעכט צו געבען איין טייל בעפֿעלקערונג די גרעסטע פּריווילעגיען געגען דעם צווייטען און אֲפִילוּ צו אונטערדריקען דאָס פֿאָלק. דען פֿאַר׳ן אונטערדריקער איז דאָך אויך שווער צו שיידען זיך מיט זיין הערשאַפֿט, צו וועלכער ער איז געוועהנט. אין דער ווירקליכקייט עקזיסטירט דאָס

אויבערהויז אין ענגלאַנד נישט דערפֿאַר, ווײַל עס איז נייטיג, נאָר גאַנץ אײַנפֿאַך אַלס אײנע פֿון די פֿערבליבענע פּריווילעגיען פֿאַר די אַריסטאָקראַטיע. ווער עס האָט צוגעקוקט דאָס ענגלישע לעבען, דער ווײסט, אַז די ענגלענדער האָבען איבערדויפּט נישט ליעב גיך צו ענדערן זײערע געזעצען און מנהגים: זײ זענען קאָנסערוואַטיוו בּטבע. דעריבּער איז דאָס לאָרדענהויז, וואָס האָט זיך בּעמיהט נישט צו שטעלען זיך שאַרף געגען ווילען פֿון פֿאָלק, פֿערבליבען אין זײַן פֿער-צײַטיגע פֿאָרם בּיז הײַנטיגען טאָג.

אין דאָס אויבערהויז געהען אַרײַן פֿאַר אַלעם די אײדעלגעבּוירענע מיט טיטלען: הערצאָגען, מאַרקיזען, גראַפֿען, וויקאָנטען און באַראָנען. די טיטלען מיט די פּריווילעגיען, וואָס געהערט צו זײ, געהען אַריבּער בּירושה צו'ם עלטסטען אין דער פֿאַמיליע. ווען אַנ'אַריסטאָקראַטישע פֿאַמיליע שטאַרבּט אויס, מאַכט געוועהנליך דער קעניג עמיצען פֿאַר א „פּער“ און גיעט איהם דעם טיטעל און פֿאַמיליענאָמען פֿון דער אויסגעשטאָרבּענער פֿאַמיליע. צוליעב דעם בּעקומט דער נײַער פּער דאָס רעכט צו פֿערנעהמען א פּלאַץ אין אויבערהויז. די שאָטישע אַריסטאָקראַטיע שיקט פֿון זיך 16 פּערען, אויסגעקליבענע אויף 7 יאָהר. די אַריסטאָקראַטיע פֿון אירלאַנד — 28 פּערען, אויסגעקליבען אויף דעם גאַנצען לעבען. אויסער זײ זיצען אין לאָרדענהויז די ערצ-בּישאָפֿען און די עלטעסטע בּישאָפֿען פֿון ענגלאַנד. בּײַ אַזאַ בּעשטאַנד דאַרף מען רעכנען, אַז דאָס לאָרדענהויז בּעשטעהט גרעסטענטײלס פֿון מיטגליעדער בּירושה. נאַטירליך, אַזעלכע מענשען, וואָס ווערען געזעצ-געבער נאָר צוליעב זײער געבּורט און וועלכע בּעזיצען נישט די ניגונען, טאַלענטען און קענטעניסען, וואָס א געזעצגעבער מוז האָבּען. זענען גאַנץ גלײַכגילטיג צו זײערע פֿליכטען. און ווירקליך: פֿון די 500—550 מיטגליעדער פֿון אויבערהויז בּעזוכען די זיצונגען דורכשניטליך נישט מעהר, אַלס 10—12 מענשען, און דערבּײַ טרעפֿט אָפֿט, אַז לאָרדען געבּען איבּער זײערע שטימען צו זײערע חברים. עס האָט שוין אַמאָל געטראָפֿען, אַז דער לאָרד וועלינגטאָן איז געקומען אויף א זיצונג האָבּענדיג אַלײן 50 שטימען. דאָס האָט געצוואונגען דאָס לאָרדענהויז אין יאָהר 1768 אַוועקצונעהמען פֿון זײַנע מיטגליעדער דאָס רעכט איבּערצוגעבען זײערע שטימען. מען דאַרף נאָך צולעגען, אַז דאָס לאָרדענהויז האָט דאָס רעכט אָנצונעהמען א בּעשלוס, ווען אַפילו אויף

דער זיצונג געפינען זיך סך־הכל דריי מיטגלידער. דאס דאזיגע רעכט פון צוויי אריסטאקראטען (די מעהרהייט אין א פערזאמלונג פון דריי מענשען) אפצושטויסען א בעשלוס פון די פאלקספערטרעטער אין געמיינדענהויז בעווייזט גאנץ דייטליך, וואס פאר אנ׳אומרעכט עס איז דאס עקזיסטירען פון אנ׳אויבערהויז, וואס איז צוזאמענגעשטעלט פון פערען בירושה. אזא קאמער קאן נאר שטערען דער נאטירליכער ענטוויקלונג פון דער געזעצגעבונג.

אנ׳עהנליכע אויבערקאמער מיט מיטגלידער וואס טרעטען אריין אין קאמער בירושה עקזיסטירט אויך אין אונגארן. אין אנדערע לענדער ווערען די מיטגלידער פון אויבערהויז אדער בעשטימט פון קעניג (ווי אין איטאליען), אדער אפילו געוועהלט דורך די בירגער, אבער נישט מיט אזא סדר, ווי עס ווערען געוועהלט די מיטגלידער פון אונטערהויז (ניעדערלאנד, נארוועגען, אמעריקא, שווייץ און אנדערע), אדער זיי ווערען גאר בעשטימט נישט אלע מיט איין און דעמזעלבען גאנג, און דאן איז דער בעשטאנד פון דער קאמער א געמישטער (שפאניען, די דייטשע שטאאטען).

דארט, וואו דער קעניג אליין בעשטימט די מיטגלידער, פערליערט דאס אבערהויז זיין זעלבסטשטענדיגקייט און ווערט אבהענגיג פונ׳ם ראש פון דער אדמיניסטראציע. א העלפט פון פארלאמענט, הייסט עס, איז ביי׳ם קעניג אין די הענד, און דאס גיעט איהם א מעגליכקייט נישט דורכצולאזען קיין געזעץ, וואס געפעלט איהם נישט, אדער וואס לוינט נישט פאר איהם. ווען דאס פאלק וועהלט אליין די מיטגלידער אין אויבערהויז, קאן זיין בעשטאנד זיין נישט עהנליך צו׳ם בעשטאנד פון אונטערהויז נאר אין צוויי פאלען: אדער פאר די געוועהלטע איז בעשטימט א צענז *). אדער ווען די וואהלען ווערען געפיהרט לויט א בעזונדערן, ספעציעלען סדר. צו׳ם ביישפיעל, ווען וועהלען מעגען נאר די, וואס צאהלען דער מלוכה א בעשטימטע סומע שטייערען, אדער ווען נישט אלע וועהלער בעטייליגען זיך דירעקט אין די וואהלען, נאר עס וועהלען פערזאמלונגען, וואס זענען דערצו בע־

*) צענז הייסט א בעשטימטע בעדינגונג (תנאי) אהן וועלכען מען ווערט נישט צוגעלאזען צו די וואהלען, צו׳ם ביישפיעל: דער וועהלער דארף האבען א געוויסעס פערמעגען („פערמעגענס-צענז") אדער ענדיגען אין א שולע („בילדונגס-צענז") א. ד. ג.

שטימט. ביי אזעלכע בעדינגונגען קאן ארויסקומען איינס פון די צוויי: אדער ביידע קאמערן וועלען זיך זעהר ווייניג אונטערשיידען אין בעשטאנד איינע פון דער צווייטער, אדער פערקעהרט. אויב דער צענז איז זעהר הויך, וועלען אין אויבערהויז אריינקומען נאר קאפּיטאליסטען, וואס בעקומען דאדורך א פּריווילעגיע אין פערגלייך מיט דער איבריגער בעפעלקערונג פון לאנד.

די בעפעלקערונג בעשטעהט אבער נישט בלויז פון צוויי, נאר פון פיעלע פערשיעדענע טהיילען. און אויב דאס פּארלאמענט מוז שוין יא בעשטעהן פון מעהר אלס פון צוויי קאמערן, וואלט מען בעדארפט בעשאפען אזוי פיעל קאמערן, וויפיעל בעזונדערע גרופּען מיט פערשיעדענע אינטערעסען עס זענען צווישען דער בעפעלקערונג פאראן. דאן וואלט מען געמעגט זיכער זיין, אז קיינע רעפארמען פון די עקזיסטירענדע געזעצען וועלען נישט זיין מעגליך. דען יעדע קאמער וואלט נישט דערלאזען צו ענדערן א געזעץ, וואס איז פאר איהר נוצליך. דאס זעלבע קומט פאר אויך איצט ווען עס זענען פאראן צוויי קאמערן, — נאר נישט אזוי אפט.

עס איז אלזא גלייכער צו האבען איין קאמער. נאר אין איהר זאלען אריינקומען פארשטעהער פון אלע פאלקסשיכטען. דאן בעשליעסט נאטירליך די מעהרהייט. נאר אויסגעהערט ווערען אנדערע שטימען אויך. נאך וויכטיגער איז — צו געבען א מעגליכקייט דעם פאלק אליין ארויסצוזאגען דעם לעצטען בעשלוס. ווי אוננוציג די צווייטע קאמער איז, וועט אונז פילשטענדיג קלאר ווערען, ווען מיר וועלען זיך בעקענען מיט די „פּראפּארציאנעלע" וואהלען און מיט דער „פאלקס-אבשטימונג". וועגען וועלכע מיר וועלען רעדען ווייטער.

מען האט נאך פארגעלעגט צוזאמענצושטעלען די צווייטע קאמער פון מענשען, וואס זענען בעקאנט מיט דער טעאריע און פּראקטיק פון שטאאטס-לעבען (מלוכה־ענינים). אזא קאמער וואלט, פערשטעהט זיך, געווען בעסער פון די איצטיגע. דער חסרון איז אבער, וואס עס זענען נישטא קיין מיטלען צו בעשטימען און אויסצומעסטען דעם פערשטאנד און די געניטקייט פון אזעלכע מענשען. יעדער וועהלער וועט, הייסט עס, וועהלען לויט זיין השגה. אבער ביי די וואהלען אין אונטערהויז וועהלט דאך איצט אויך יעדערער לויט זיין פערשטאנד און איבערצייגונג אין דערביי, פערשטעהט זיך, האט ער אין זינען די

פֿעהיגקייטען, קענטעניסען און געניטקייט פֿונ'ם געוועהלטען. אויך איצט האַלטען פֿיעלע געלעהרטע שטאַטסקענער פֿאַר צוויי קאַמערען אין פּאַרלאַמענט. דאָס שטאַמט דערפֿון, וואָס זיי האָבען פֿאַר די אויגען די ביישפּיעלען פֿון ענגלאַנד — פֿון איין זייט און פֿון פֿראַנצויזישען קאָנוועגט *) — פֿון דער צווייטער. עס איז ריכטיג אַז דער קאָנוועגט פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט געהאַט אין די הענד אַ טיראַנישע מאַכט. דערביי פֿערגעסט מען אָבער, אַז דער קאָנוועגט איז געוואָרען דעספּאָטיש נישט צוליעב דעם, וואָס ער איז בעשטאַנען פֿון איין קאַמער, נאָר ווייל אין דער צייט פֿון אַ רעוואָלוציע איז נויטיג אַ שטאַרקע, אַלייןהערשענדע מאַכט; ווען אין אַזאַ צייט זענען אֲפילו פֿאַרהאַן צוויי קאַמערען, מוז איינע פֿון זיי אָבטרעטען איהר הערשאַפֿט דער צווייטער. אין דער צייט פֿון פֿאָלקסאונרוהען איז אוננוציג צו בעשטימען גרעניצען פֿאַר די מאַכט — דאָס הייסט נאָך נאָך געפֿעהרליכער צו מאַכען דעם גאַנג פֿון די היסטאָרישע געשעהענישען. ווען דער נאַטירליכער שטראָם בעגעגענט שטערונגען אויפֿ'ן וועג שוועגקט ער זיי אַראָב און הויבט אָן צו קאָכען נאָך שטירמישער אַלס פֿריהער. דאַגעגען אין אַ רוהיגע צייט איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבען פֿאַר טיראַניע. אויב די פֿאָרשטעהער אין פּאַרלאַמענט האָט אויסגעוועהלט ווירקליך דאָס גאַנצע פֿאָלק, אַזוי, אַז אַלע אינטערעסען האָבען אַ מעגליכקייט צו דערמאָנען וועגען זיך. אין יעדע צערידערונג אין שטאַטסלעבען קומט שטענדיג טאַקי דערפֿון. וואָס מען זאָרגט נישט פֿאַר די אינטערעסען פֿון פֿאָלק.

איצט וועלען מיר זעהן, פֿון וועמען בעשטעהט דאָס געמיינדע־הויז. וואָס ווערט אין ענגלאַנד גערעכענט פֿאַר'ן אֱמֶת'דיגען פֿערטרעטער פֿון פֿאָלק. עס איז אָבער נישט אינגאַנצען ריכטיג. דען אין די וואַהלען בעטייליגט זיך נישט דאָס גאַנצע פֿאָלק. נישט אַלע ענגלישע בירגער זענען וועהלער אָדער, ווי מען רופֿט זיי, אַקטיווע בירגער:

*) נאַציאָנאַל־קאָנוועגט — אַ קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג, וואָס איז צוזאַמענגערופֿען געוואָרען אין פֿראַנקרייך אין יאָהר 1792, ווען עס איז ערקלערט געוואָרען אַז „דאָס פֿאַטערלאַנד איז אין געפֿאַהר": עס זענען נויטיג, הייסט עס, אויסערגעוועהנליכע מיטלען צו ראַטעווען דאָס לאַנד. דער קאָנוועגט האָט ערקלערט דאָס לאַנד פֿאַר אַ רעפּובליק. דער קאַמפּף פֿון די פּאַרטייען אין קאָנוועגט האָט געבראַכט צו גרויסע בלוטפֿערגיעסונגען.

פִינ׳ס שטימרעכט געניסען נאָר די היזבעזיצער אין יענע פון די קוואַרטיראַנטען. וואָס צאָהלען קוואַרטיר־געלד ניט ווייניגער פון צעהן פינט סטערלינג יעהרליך. איסערדעם מוז דער וועהלער וואהנען אין פערלויף פון אַ יאָהר אויף איין אָרט, אום ער זאָל קאָנען אריינקומען אין די וואַהל־ליסטע (וואַהלצעטעל). די דאָזיגע צוויי תּנאים רויבען אַוועק דאָס שטימרעכט פון פילע אַרבייטער. דען די לעצטע וואהנען געוועהנליך אין בילּיגע קוואַרטירען אָדער גאָר אין איינציגע צימערן און זענען געצוואונגען אָפט צו בייטען זייער וואָהנאָרט. ווכענדיג אַרבייט. דאַנגען. די. וואָס האָבען עטליכע הייזער אין פערשיעדענע ערטער. קאָנען זיך בענוצען מיט זייער שטים עטליכע מאָל. און דאָס ווערט נאָך פערגרינגערט דורכדעם. וואָס די וואַהלען אין ענגלאַנד ווערען געמאַכט ניט אומעטום אין איין טאָג.

אין יעדען וואַהל־בעצירק ווערט געוועהלט איין דעפּוטאַט. אויסגעוועהלט ווערט דער. וואָס האָט בעקומען מעהר שטימען ווי איטליכער בעזונדער פון די איבריגע קאַנדידאַטען; דאָס ווערט אָנגערופען רעלאַטיווע (פערהעלטניסמעסיגע) מעהרהייט (מעהרהייט בערך צו איין אַנדער קאַנדידאַטען). דאָס גיעט אַ מעגליכקייט צו ווערען אַ מיטגליעד פון פּאַרלאַמענט. האָבענדיג גאַנץ אָפט זעהר אַ קליינע צאָהל שטימען פאַר זיך. דאָס הענגט אָב ווי גרויס איז געווען די צאָהל פון די קאַנדידאַטען צווישען וועלכע עס האָבען זיך צעטיילט די שטימען.

אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד איז אָנגענומען אַ ריכטיגערער סדר. דאָרט מוז דער אויסגעוועהלטער בעקומען אַנ׳אַבסאָלוטע מעהרהייט. ד. ה. מעהר אַלס אַ העלפט פון אַלע אָבגעגעבענע שטימען. אויב קיינער האָט אַזאַ מעהרהייט ניט בעקומען. ווערען דאַן די וואַהלען געמאַכט אַ צווייטעס מאָל (איבערבאַלאָטירונג). ביז עמיצער בעקומט די נויטיגע מעהרהייט. דערביי קאָנען געמאָלט זיין פערשיעדענע סיסטעמען: אָדער מען באַלאָטירט־איבער אַלע קאַנדידאַטען. אָדער נאָר יענע צוויי פון זיי. וואָס האָבען בעקומען די גרעסטע צאָהל שטימען. אין פערגלייך מיט די איבריגע קאַנדידאַטען. ביי אַ איבערבאַלאָטירונג זענען די וואַהלען. נאַטירליך. בעוואוסטזיניגער. ווערען געמאַכט מיט מעהר אויסגערעכענטקייט און דעת.

די אָבשטימונג ביי די וואַהלען אין ענגלאַנד איז אַ דירעקטע *). און אַ געהיימע **). אום צו בעטהייליגען זיך אין די וואַהלען, מוז מען זיין פּוליעהריג. צו די וואַהלען ווערען נישט צוגעלאָזען: די פּערען, מאַנכע בעאַמטע, גייסטליכע און מענשען, וואָס האָבען בעקומען שטיצע פון די געמיינדען. אֲפילו נאָר פון די דאָזיגע גרונד-בעדינגונגען פון ענגלישען וואַהלרעכט זעהען מיר שוין, ווי וויים ענגלאַנד איז נאָך פון אַ עכט-דעמאָקראַטישער אָרדנונג.

אין דעמאָקראַטישע לענדער, וואו אַלע בירגער זענען פריי און גלייך פאַר'ן געזעץ, דאַרפען זיי אַלע האָבען אַ גלייכעס רעכט אַרויס-צוזאָגען זייערע מיינונגען און אַנטהייל צו נעהמען אין דער געזעצגעבונג. דעריבער דאַרפען די פאָרשטעהער אין דעמאָקראַטישע פערזאַמלונגען געוועהלט ווערען דורך אַנ'אַלגעמיינע גלייכע ***) אָבשטימונג. די געגנער פון אַזאַ אָבשטימונג ווייזען געוועהנליך אָן דערויף, אַז נישט די גאַנצע מאַסע פון פאָלק אינטערעסירט זיך מיט די וואַהלען, און אַז פילע וועהלער בעטהייליגען זיך נישט אין דער אָבשטימונג. דאָס געהער אָבער נישט צו דער זאַך, דען אֲפילו דאָרט, וואו דאָס שטימ-רעכט פאָדערט געוויסע בעדינגונגען, צו'ם ביישפּיעל אַ פערמעגענס-צענז, איז אויך צו בעמערקען אַ היבשען פּראָצענט וועהלער, וואָס בענוצען זיך נישט מיט זייער שטימרעכט. און עס איז גאָר נישט נויטיג, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל וועהלען. וויכטיג איז, עס זאָל האָבען

*) די וואַהלען רופט מען דירעקטע, ווען די וועהלער קלייבען אויס דעפוטאַטען גלייך אין די אַנשטאַלט, וואס פאר איהר ווערען די וואַהלען געמאַכט, צו'ם ביישפיעל, אין פאַרלאַמענט; אונדירעקטע הייסען די וואַהלען דאַן, ווען די וועהלער קלייבען פריהער אויסוועהלער, און די לעצטע ערשט קלייבען שוין דעפוטאַטען. אונדירעקטע וואַהלען קאָנען האָבען צוויי, דריי, פיער און מעהר שטופען, ד. ה. די וועהלער זאָלען קלייבען אויסוועהלער, די צווייטע זאָלען וועהלען קלייבער, די לעצטע — אויסקלייבער, און אַזוי ווייטער, ביז מען קומט אָן צו די דעפוטאַטען.

**) ד. ה. זיי ווערען געמאַכט בְּסוֹד, דורך צעטלען און פערמאַכטע קאָנווערטען אדער אַנדערש-ווי, אום קיינער זאָל נישט וויסען, וועמען דער וועהלער האָט אויסגעקליבען, און זאָל איהם נישט קאָנען דערפאַר פערפאָלגען.

***) ווייטער וועלען מיר ווייזען, אַז מען קאָן אפילו ביי אלגעמיינעם שטימרעכט ברעכען די גלייכהייט צווישען די בירגער דערמיט, וואָס מען גיעט די וועהלער פון געוויסע קאַטעגאָריען צו עטליכע שטימען.

דאָס רעכט דערויף. מען האָט בעמערקט, אַז וואָס רעגעלמעסיגער דאָס שטאַטס-לעבען פּליעסט, אַלין ווענינער אינטערעסירט זיך די בעפעלקערונג מיט די וואַהלען. נאָר קוים ווערט די אָרדנונג געשטערט, קוים פּראָבירט ווער צו פערגרעסערן זיין מאַכט און צו בערויבען די פריהייט פון איין אַנדער טייל בירגער, אַזוי הויבט אָן צו וואַקסען דער אינטערעס פון פאָלק, און די וואַהלען ציהען-צו אַ גרויסען פּראָצענט וועהלער.

ווייטער טענ'עט מען, אַז ביי אַלגעמיינעם שטימרעכט קאָנען די קאַפּיטאַליסטען, די קלעריקאַלען און אַנדערע פּאַרטייען אונטערקויפען די ווענינ ענטוויקעלטע און אָרעמע מאַסע. אָבער ערשטענס, האָט דאָך קיין זינען ניט, אום ניט דערלאָזען די קאַפּיטאַליסטען צו ווירקען אויף די וואַהלען און צו פאַרביינען דעם ווילען פון פאָלק — געבען זיי אַזאַ מאַכט גאָר פון אָנהויב אָן; דאָס איז דאָך פּונקט ווי מען וואָלט זאָגען: איך האָב מורא, דער רייכער זאָל ניט אונטערקויפען דעם אָרעמאַן און זאָל איהם דערנאָך ניט טהון קיין שלעכטס, און כּדי איהם דערפון צו פערהיטען, וועל איך דעם דאָזיגען אָרעמאַן שוין איצט צודריקען. צווייטענס, בעווייזט די היסטאָריע פון דער לעצטער צייט, אַז די מאַסע ענטוויקעלט זיך אונגעוועהנליך שנעל. מיר לעבען אין אַ צייט פון דרוקערייען, אייזענבאַהנען און עלעקטריע, וואָס געבען דער מאַסע אַ מעגליכקייט געשווינד זיך צו בעקענען מיט די ערשיינונגען פון דעם שטאַטס-לעבען און צו פערשטעהן זייער ווערט.

אויסערדעם, זענען פאַראַן ריין-טעכנישע מיטלען אויף ניט צו דערלאָזען, אַז עמיצער זאָל דריקען די פריהייט פון די וואַהלען. דאָס ערשטע מיטעל איז די געהיימע אָבשטימונג. דערנאָך דאַרף מען זעהן, אַז די וואַהלען זאָלען געמאַכט ווערען ניט דורך מענשען, וואָס די זאַך איז זיי נוגע. אין דער לעצטער צייט בעמיהעט מען זיך אין מערב-איירָאָפּאַ איבערצוגעבען די דאָזיגע אַרבייט אין די הענד פון דער געריכטס-מאַכט.

אַלזאָ, דאָס איינציגע גערעכטיגע וואַהל-סיסטעם איז דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט. אַלערליי צענזען, וואָס בעגרענצען דאָס וואַהלרעכט, האָבען איין-און-איינציגעם ציעל: צו בעשאַפען פּריווילעגיען פאַר די פערמעגליכערע קלאַסען. גאַנץ קלאָר זעהט מען דאָס דאַן ווען וועהלען (דאָס אַקטיווע „וואַהלרעכט") מעגען נאָר מענשען, וואָס בעזיצען

אַ געוויסעס פערמעגען, אָדער וואָס צאָהלען אין די שטאַטס-קאַסע אַ בעשטימטע שטייער. עס זענען נישטאָ קיינע בעווייזען דערויף, אַז אַ רייכערער מענש איז פעהיגער אַרויסצוגעבען בעסערע געזעצען. פערקעהרט, אַזאַ מענש קאָן גיכער זוכען אייגענוץ און זיין אונפעהיג צו אַ כְּלַל־זאַך. אויך דאַרף מען געדענקען, אַז היינטיגע צייטען איז געלד קיילעכדיגער אַלס אַלע מאָל. און דער היינטיגער קאַפּיטאַליסט קאָן אין אַ צייט אַרום זיך פערוואַנדלען אין איין אָרעמאַן. דער געדאַנק, אַז די פערמעגליכערע קלאַסען זענען מעהר פּעראינטערעסירט אין דער שטאַטס-אָרדנונג און געבען דער מְלוּכָה מעהר הַכְנָסוֹת. האַלט נישט אויס די מינדעסטע קריטיק. ערשטענס, גאַנץ אָפּט נוטיגען זיך אין דער שוץ פון דער מְלוּכָה גראַדע די אָרעמערע קלאַסען: צווייטענס, אויב די קאַפּיטאַליסטען געבען אֲפִילוּ דער מְלוּכָה מעהר געלד, האָבען זיי פון איהר נוצען אויך מעהר, אַלס אַנדערע בירגער. דריטענס, איז נישט לאָגיש צו געבען מעהר רעכטען דעם, וואָס צאָהלט מעהר געלד, דען אַ שטאַט איז נישט קיין אַקציען-געזעלשאַפּט, וואו דער פערדיענסט ווערט געמאָסטען לויט דעם איינגעצאָהלטען קאַפּיטאַל. דער שטאַט האָט אַזעלכע אויפגאַבען, וואָס האָבען קיין שַׁייכוּת נישט צו עקאָנאָמישע.

דער וואונש צו בעשאַפען פּריווילעגיען פאַר די רייכע קלאַסען איז אַביסעל מעהר פערמאַסקירט דאָרט, וואו צו די וואַהלען ווערט געפאָדערט אַ בילדונגס-צענז. ווען מען בעקלערט אָבער די זאַך, זעהט מען, אַז לערנען זיך זענען גיכער אימשטאַנד די רייכערע מענשען. און דעריבער איז דער געבילדעטער קלאַס אין דערזעלבער צייט אויך דער רייכסטער. אויסערדעם, פאָדערן פון וועהלער אַ געוויסע שטופע פון בילדונג איז שייך נאָר דאָרט, וואו עס עקזיסטירען אומזיסטיגע אָנפאַנגס-שולען, וואָס בעזוכען זיי איז אַ חוב-זאַך פאַר אַלעמען. אין איטאַליען, צום ביישפּיעל, האָבען דאָס שטימרעכט נאָר מענשען, וואָס קאָנען לעזען און שרייבען. עס איז אָבער אַ גרויסער סָפֵק, אויב אַזאַ נידריגע שטופע פון בילדונג קאָן מאַכען דעם וועהלער האָטש אויף אַ האָר בעוואוסטזיניגער ביי אַזאַ שווערען, פערפּלאָנטערטען ענין ווי קלייבען פאָלקספערטרעטער. דאָס שטימרעכט, וואָס מען רופט אויך פּלוראַלעס (פיעלפאַכע) שטימרעכט, וואָס איז איינגעפיהרט אין בעלגיען און אין פינלאַנד, איז אויך נישט מעהר, אַלס אַ פערמאַסקירטעס

צענז-סיסטעם: געוויסע קאַטעגאָריען וועהלער האָבען דערביי צו עטליכע שטימען. מיט אַזעלכע שטימען בענוצען זיך גרעסערע שטייער-צאָהלער, אָדער פערזאָנען מיט אַ געוויסער בילדונג, אָדער פאַמיליען-מענשען.

ווען די וואַהלען זענען צוויישטופיג, בעגרענצען זיי אויך די רעכטען פון פאָלק, די דאָזיגע וואַהלען ווערען געמאַכט אַזוי: אָדער די וועהלער קלייבען אויסוועהלער, און יענע ערשט קלייבען דעפוטאַטען אין דאָס פּאַרלאַמענט, — אָדער די זאַך ווערט אַרויפגעלעגט אויף געוועהלטע אַנשטאַלטען, וואָס עקזיסטירען שוין, צו'ם ביישפּיעל, אויף די געוועהלטע מיטגליעדער פון די שטאָדטישע און דאָרפישע פערוואַלטונגען. ביי אַזאַ סיסטעם קומט אויס, ווי דאָס פאָלק וואָלט איבערגעבען זיין שטימע צו די דאָזיגע אַנשטאַלטען, אָדער צו די פערזאַמלונגען פון אויסוועהלער: און דערביי קאָן די פאָלקס-שטימע שטאַרק געענדערט ווערען, דען אין די צאָהל פון די אויסוועהלער פאַלען געוועהנליך אַריין פערמעגליכערע מענשען, וואָס זענען גענייגט צו פערהיטען די אַלטע אָרדנונג מיט איהרע אַלטע פּריווילעגיען. די צוויישטופיגע אָבשטימונג ווערט נאָך אין מאַנכע ערטער געפיהרט לויט אַ בעזונדערן סדר פון קלאַסען-וואַהלען. אין פּרייסען, צו'ם ביישפּיעל, טיילט מען די ערשטע וועהלער אויף דריי גרופּען לויט זייער פערמעגליכקייט. די גרופּען דאַרפען זיין גלייך לויט דער סומע שטייערען, וואָס זיי צאָהלען דער מלוכה. יעדע פון זיי קלייבט אויס אַ דריטעל פון דער אַלגעמיינער צאָהל אויסוועהלער. אויף אַזאַ אַרט קומט אויס, אין דער רייכסטער גרופּע די קלענסטע צאָהר מענשען, וואָס צאָהלען אַזוי פיעל שטייערען, וויפיעל איין אָרעמערע גרופּע מיט מעהר מיטגליעדער, און די ערשטע קלייבען דעריבער אויס אַזוי פיעל אויסוועהלער, ווי די צווייטע. דאָ ווערט געשעצט ניט דער מענש, נאָר דאָס קאַפּיטאַל.

אַזוי ווי אין ענגלאַנד עקזיסטירט אַ פערמעגענס-צענז. מוזען מיר זאָגען, אַז אין דער דאָרטיגער פאָלקס-פערטרעטונג איז קיין גלייכהייט ניט פאַרהאַן. אויך האָבען דאָרט די פרויען ניט קיין שטימרעכט. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס מען פּראָפּאַגאַנדירט וועגען דעם שוין אַ גאַנץ לאַנגע צייט. דאָס, וואָס אַ העלפט פון מענשליכען געשלעכט איז בערויבט פון פּאָליטישע רעכטען, פערטיידיגען די ליעבהאָבער פון אַלטע דרכים מיט תמ'עוואַטע חקירות וועגען דער בעזונדערער מיסיע.

וואָס די פֿרוי האָט אין דער פֿאַמיליע; אַלס טרייסט פֿאַר די פֿרויען, געבען זיי צו פֿערשטעהן, אַז „די בעשלוסען, וואָס פֿעלקער נעהמען אָן, שטעהען פֿיעל מעהר אונטער דעם אונזיכטבאַרען איינפֿלוס פֿונ׳ם פֿרויענגייסט און פֿון די פֿונקעלדיגע קינדערישע אויגעלעך, איידער אונטער דעם איינפֿלוס פֿון פֿיעלפֿאַרביגען האַרמידער, וואָס הערשט אויפֿ׳ן פּאָליטישען מאַרק״. מיט אַזעלכע תּירוצים קאָן מען פֿערענטפֿערן יעדע קנעכטשאַפֿט, פֿערזיכערענדיג דעם קנעכט, אַז ער קאָן ווירקען „אונזיכטבאַר״. דערווייל אָבער וואַקסט מיט יעדען יאָהר די צאָהל פֿון די פֿרויען, וואָס די שטרענגע ווירקליכקייט צווינגט זיי זיך נעהמען צו אַ זעלבּ-שטענדיגען אַרבייטס-לעבען און צו פֿאָדערען פֿאַר זיך מענשליכע און בירגערליכע רעכטען מיט גלייכערע און ווירקליכערע מיטלען, איידער מיט די אונזיכטבאַרע ווירקונג פֿון די אויגען און פֿון דער נְשָׁמָה.

מיר מוזען נאָך בעמערקען, אַז דער קאָמאָנער*) בעקומט זיינע פֿאָלמאַכטען אויף אַ צו לאַנגע צייט. אין פֿערלויף פֿון זיבען יאָהר קאָן די שטימונג פֿונ׳ם פֿאָלק אַוועקגעהן גאַנ׳ץ ווייט פֿון די מיינונגען, אָן וועלכע די פֿאָרשטעהער האַלטען זיך. דאָס טרעפֿט טאַקי אין ענגלאַנד, און דאָס אונטערהויז ווערט דאָרט פֿאַנאַנדערגעלאָזען פֿאַר׳ן טערמין.

נאָר ווען אֲפילו דאָס געמיינדענהויז איז נאָך ווייט דערפֿון צו פֿערטרעטען דאָס גאַנצע ענגלישע פֿאָלק, דאָך איז עס דער איינציגע אָרגאַן, דורך וועלכען די פֿאָלקסשטימע קאָן זיך געבען צו הערען. דעריבער שפּיעלט דאָס אונטערהויז די הויפּט-ראָלע אין פּאַרלאַמענט: די לאָרדען האָבען שוין לאַנג אַנערקענט, אַז ביי איהם איז די גרעסטע דֵעָה, און בעמיהען זיך, אַז זיי זאָלען נישט קומען מיט איהם אין צוזאַמענשטויס. איבריגענס, ווען די פּערען וואָלט זיך אֲפילו פֿערגלוסט נישט צו פֿאָלגען די שטימע פֿון פֿאָלק, האָט די רעגירונג אַ גוט מיטעל ווי זיי צו צווינגען, זיי זאָלען זיך אונטערגעבען. ווען די עפֿענטליכע מיינונג פֿאָדערט, קאָן דער קעניג שטענדיג מאַכען פֿאַר לאָרדען אַזאַ צאָהל בירגער, אַז אין אויבערהויז זאָל בעשאַפֿען ווערען אַ מעהר-הייט, וואָס האַלט מיט׳ן געמיינדענהויז. אויסערדעם, אַלע הַכְנָסוֹת און הוֹצָאוֹת פֿון דער מְלוּכָה, אַלערליי אָבמאַכען וועגען געלדזאַכען מיט

*) אַ קאָמאָנער — א מיטגליעד פון דעם געמיינדענהויז אדער אונטער-הויז אין ענגלאנד.

אויסלענדישע מלוכות. מיט איין וואָרט, — אַלעס, וואָס בערירט נאָר די מאַטעריעלע מיטלען פֿון פֿאָלק, הענגט אָב אויסשליסליך פֿון דעם אינטערהויז. די קאָמאָנערען קענען, אַלזאָ, שטענדיג אויספֿירען זייערס. נישט געבענדיג קיין געלד אויף די הוצאות פֿון דער רעגירונג. די ראָלע פֿונ'ם געמיינדעהויז אין פּאַרלאַמענט איז אַזוי וויכטיג, אַז בלויז זיין אינצופֿריעדענהייט אַליין וואַרפֿט שוין אַראָב דאָס מיניסטעריום. און דאָס נייע קאַבינעט ווערט צוזאַמענגעשטעלט לויט זיין וואונש. אין אַלע אַנדערע הינזיכטען זענען ביידע קאַמערען גלייך, און געזעצ־פּראָיעקטען קענען אַריינגעבראַכט ווערען ווי אין די אונטערשטע, אַזוי אין די אויבערשטע. אויסער די מיטגלידער פֿון די קאַמערען, האָבען די מיניסטאָרען אויך דאָס רעכט אַריינצוברענגען אין פּאַרלאַמענט געזעצפּראָיעקטען (דאָס רופֿט מען דאָס רעכט פֿון געזעצגעבונגס־איניציאַטיווע). אַזוי ווי די מיניסטאָרען זענען בעסער פֿון אַלעמען בעקאַנט מיט די חסרונות פֿון די אַלטע געזעצען, ווערען טאַקי דעריבער די נייע געזעצען אַריינגעטראָגען אין פּאַרלאַמענט הויפּטזעכליך דורך דאָס מיניסטעריום. די מיניסטאָרען געפֿינען זיך שטענדיג אויף די זיצונגען אין די קאַמערען. אין דער יוסטיץ־מיניסטער — אין ענגלאַנד הייסט ער לאָרד־קאַנצלער — איז פֿאָרזיצענדער אין אויבערהויז. דאַגעגען, דער קעניג האָט נישט דאָס רעכט צו בעטייליגען זיך אין די זיצונגען, אויסער דעם פֿאַל, ווען ער עפֿענט דאָס פּאַרלאַמענט מיט זיין טראָן־רעדע, וואָס אויף איהר ענטפֿערט די קאַמער מיט אַן אַדרעס, אין וועלכען זי זאָגט אַרויס איהרע ווינשען. ווען דאָס פּאַרלאַמענט בלייבט אינצופֿריעדען פֿון די פּראָיעקטען, וואָס די טראָן־רעדע ענטהאַלט, מוז דאָס מיניסטעריום פֿערלאָזען זיין שטעל.

---

## .II

נאָכדעם, ווי מיר האָבען אָנגעוויזען אויף די הויפּט־ראָלע, וואָס דאָס געמיינדעהויז שפּיעלט אין דער ענגלישער פּאַרלאַמענטאַרישער מאָנאַרכיע, געהען מיר איבער צו דער פּאַרלאַמענטאַרישער אָרדנונג פֿון דער פֿראַנצויזישער רעפּובליק. דאָ האָט די דעמאָקראַטיזאַציע פֿון שטאַט געמאַכט אַ טריט ווייטער. אויסגעדריקט איז עס הויפּטזעכליך אין דעם אַלגעמיינעם שטימרעכט און אין דעם. דאָס ווי דער ראָש פֿון

שטאַט. אַזוי אויך די מיטגליעדער פון אויבערהויז קריגען די טיטעל נישט בירושה נאָך דורך וואַהלען (וויבּאָרעס).

דער נאָמען „רעפּובּליק" בּעוויַיזט, אַז די שטאַטס־מאַכט געהט דאָ נישט איבּער בּירושה. אַלע מאַכטען שטאַמען פון'ם פאָלק, וועלכעס איז אַנערקענט אַלס אויבּערהערשער (סוּווערען). דעריבּער געפינען מיר דאָ, אַנשטאָט אַ מאָנאַרך, אַ פּרעזידענט פון דער רעפּובּליק וועלכער ווערט געוועהלט אויף זיבען יאָהר. הוין דעם אין אַלעם אַנדערען האָט ער נישט ווענינער מאַכט, אַלס אַ קעניג. אין מאַנכע מלוכות איז די מאַכט פון פּרעזידענט נאָך גרעסער פון אַ קעניגליכער, ווי צו'ם בּיישפּיעל, אין די פערייניגטע שטאַטען פון צפון־אַמעריקאַ. אָבער שוין דאָס אַליין, וואָס די רעגיערונג ווערט געוועהלט, ענדערט שוין דאָס פּנים פון איהר הערשאַפט. אויף געזעצליכען וועג קאָן אַ מאָנאַרך נישט אָבגעשאַפט ווערען. אַ פּרעזידענט אָבער האָט מען בּייַד צו'ם צווייטען מאָל נישט אויסצוועהלען, און דאָס מאַכט איהם אָבּהענגיג פון די וועהלער. אָבער אין תוך איז די פראַנצויזישע שטאַטס־אָרדנונג זעהר ענליך צו דער ענגלישער, דען אויך דאָ איז דאָס פּאַרלאַמענט דער הויפּט־פיהרער פון דער מלוכה.

די אונטערשטע קאַמער דאָס. וואָס אין ענגלאַנד הייסט אונטערהויז. הייסט דאָ דעפּוטאַטענהויז, די אויבּערשטע — סענאַט. זיי אַרבּייטען אויס געזעצען, וואָטירען דעם בּודזשעט, ענטשיידען די פראַגע וועגען קריעג, בּעשטעטיגען די אָבמאַכען מיט פרעמדע רעגיערונגען. דער פּרעזידענט פון דער רעפּובּליק, ווי דער קעניג אין ענגלאַנד גיעט איבּער דעם ערשטען מיניסטער, וואָס ווערט גענומען פון דער מעהרהייט אין דעפּוטאַטענהויז, צוזאַמענצושטעלען דאָס מיניסטאָרען־קאַבּינעט. אויך דאָ זענען די מיניסטאָרען פעראַנטוואָרטליך אין זייערע טהאַטען פאַר'ן פּאַרלאַמענט, און זייער אונטערשריפט מוז זיך געפינען אויף אַלע אַקטען, וואָס דער פּרעזידענט פּובּליקירט פון זיין נאָמען. אין די גאַנצע זיבען יאָהר, אויף וועלכע ער בּעקומט זיינע פולמאַכטען, איז דער פּרעזידענט קיינעם נישט מחויב אָבגעבען חשבּון, סיידען ער האָט געבּראָכען די טרייקייט צו זיין פאַטערלאַנד. ער האָט דאָס רעכט צו פּרעזידירען אין מיניסטאַרען־ראַט און דאַדורך קריגט ער איין איינפלוס אויף בּעשלוסען פון דאָזיגען ראַט. די אַרמעע איז בּיי איהם אין דער האַנד, און ער איז דער פאָרשטעהער פון'ם שטאַט

ביים פערקעהר מיט אנדערע רעגירונגען. און דאך קאן ער נאר שליסען פריעדען, אבער ניט ערקלערען א קריעג.

בנוגע צו געזעצגעבונג האט ער דאס רעכט פון איניציאטיווע (פארצולעגען א געזעץ). אבער צו בעשטעטיגען געזעצען האט ער ניט קיין מאכט. ער האט נאר דאס רעכט ארויסצולעגען זיין „וועטא". אויב דער פרעזידענט איז ניט מסכים אויף א וועלכעס עס איז געזעץ, קערט זיך עס אום אין דעפוטאטענהויז מיט דעם פרעזידענטס בעמערקונגען (הערות), נאר אויב די קאמער ענדערט ניט איהר מיינונג איבער די זאך, בעקומט דאס געזעץ זיין קראפט און מוז פובליקירט ווערען ניט שפעטער, אלס אין דריי טאג צייט. מיט דער הסכמה פון סענאט קאן דער פרעזידענט פאנאנדערלאזען דאס דעפוטאטענהויז. ער קאן איבערהאקען די סעסיע פון פארלאמענט, אבער ניט לענגער, אלס אויף א מאנאט, און ניט מעהר פון צוויי מאל אין א סעסיע. דערפאר האט ער ניט דאס רעכט די סעסיע צו עפענען. לויט געזעץ, דארפען די קאמערען זיך צונויפקליבען יעדעס יאהר דעם צווייטען דינסטאג פון מאנאט יאנואר. און די סעסיע דארף דויערן ניט ווייניגער פון פינף מאנאטען: דער פרעזידענט, הייסט עס, קאן ניט אבלייגען דעם אנהויב פון די זיצונגען אין פארלאמענט. דער פרעזידענט האט דאס רעכט צו בעפרייען א פערברעכער פון שטראף, ווי אויך איבערצוגעבען די מיניסטארען געמשפט צו ווערען פון סענאט.

ניט דאס גאנצע פאלק זעלבסט וועהלט א פרעזידענט. נאר די נאציאנאל-פערזאמלונג (דער קאנגרעס), וואס ווערט צוזאמענגעשטעלט פון ביידע קאמערען. דאס איז איינגעפיהרט צוליעב דעם, אום דער פרעזידענט זאל ניט בעקומען קיין צו גרויסע קראפט. ווען דאס גאנצע פאלק וואלט אויסגעוועהלט דעם ראש פון א שטאט, וואלט ער אפשר בעקומען אזוי פיעל וויפיעל אלע דעפוטאטען צוזאמען, אדער נאך מעהר. דאס וואלט איהם געגעבען אזא אויטאריטעט (גרויסען אנזעהען) וואס וואלט געקאנט ווערען געפעהרליך פאר'ן לאנד, בעזונדערס, ווען מען בעקלערט דאס דער פרעזידענט האט נאך דערצו דאס מיליטער אונטער זיין מאכט. אין דער געשיכטע פון פראנקרייך האט שוין איינס געטראפען: נאפאלעאן III. וועלכען דאס פאלק האט אויסגעקליבען פאר א פרעזידענט, האט דערנאך אבגעשאפט די רעפובליק גופא און האט זיך געמאכט פאר א קייזער.

וואָס אַנבעלאַנגט צו די קאַמערען, ווערט די אונטערשטע געוועהלט לויט אַלגעמיינער, דירעקטער און געהיימער אַבשטימונג. יעדער בעצירק קלייבט אויס איין דעפּוטאַט: אויב דער בעצירק האָט מעהר פֿון הונדערט טויזענד איינוואוהנער, טיילט ער זיך אויף צוויי צירקלען. וועהלען (אַקטיווע וואַהל-רעכט) מעגען מענער, וואָס האָבען נישט אָנגעוואוירען זייערע רעכטען צוליעב אַ פֿערברעכען, וואָס וואוינען אויף אַ בעשטימטען אָרט און זענען נישט יונגער פֿון 21 יאָהר. די געוועהלטע אָבער (פּאַסיווע וואַהל-רעכט) טאָרען נישט זיין יונגער פֿון 25 יאָהר. אויסגעקליבען ווערט מען אויף 4 יאָהר.

דער סענאַט ווערט איצט צוזאַמענגעשטעלט פֿון געוועהלטע מיטגליעדער. די וואַהלען פֿאַר'ן סענאַט ווערען געמאַכט לויט אַזאַ סדר: אַלע דריי יאָהר פֿערלאָזט אַ דריטעל פֿון זיינע מיטגליעדער דעם סענאַט, און אויף זייער אָרט וועהלט מען אויס נייע. אַזוי, אַז האָטש יעדער סענאַטאָר בעזונדער ווערט געקליבען אויף 9 יאָהר, אָבער דער גאַנצער בעשטאַנד פֿון סענאַט ווערט אַלע דריי יאָהר איבערגעפֿרישט מיט נייע מענשען אויף איין דריטעל פֿון דער אַלגעמיינער צאָהל מיטגליעדער. דאָס האַלט אויף אַ געוויסע פֿעסטקייט אין די מיינונגען פֿון סענאַט: זיין שטימונג ענדערט זיך נישט אַזוי געשווינד, ווי די מיינונגען אין לאַנד און נישט אַזוי שאַרף, ווי עס וואָלט פֿאָרקומען, ווען מען וואָלט בענייען זיין גאַנצען בעשטאַנד פֿאַר איין מאָל. דעם סענאַט קלייבען בעזונדערע קאָלעגיען (פֿערזאַמלונגען) אין די דעפּאַרטאַמענטען *) און קאָלאָניען פֿון פֿראַנקרייך. אין די קאָלעגיע פֿון יעדען דעפּאַרטאַמענט קומען אַריין: אַלע דעפּוטאַטען, וואָס דאָסועלבע דעפּאַרטאַמענט האָט אין אונטערהויז: די מיטגליעדער פֿון אָרטיגען גענעראַל-ראַט **) און פֿון די בעצירקסראַטען, און די דעלעגאַטען, וואָס די מוניציפּאַלראַטען ***) קלייבען אויס. אַזוי אַז צו ווערען אַ סענאַטאָר בעדאַרף מען נישט האָבען נישט קיין יחוס, נישט קיין געלד. מען בעדאַרף נאָר זיין נישט

*) אַדמיניסטראַטיווע טיילען אין פֿראנקרייך, ווי, לְמָשָׁל, גובערניעס אין רוסלאנד.

**) דער העכסטער אָרגאַן פֿון אָרטיגער זעלבסטפֿערוואַלטונג אין דעפּאַרטאַמענט.

***) געזעצבעראַטענדע אַנשטאַלט פֿון דער שטאָדטס-פֿערוואַלטונג, אַ מין רוסישע שטאדט-דומע.

יונגער פֿון 40 יאָהר אין אויסגעקליבען ווערען דורך די מיטגליעדער פֿון די אָרטיגע אַנשטאַלטען. אַזעלכע מענשען זענען געוועהנליך גענייגט צו מעסיגע טעאָריען צו מתינות, צו פֿערטיידיגען דאָס, וואָס עקזיסטירט שוין. אָט דער קאָנסערוואַטיזם, ווי מען רופֿט דאָס, דאַרף, היסט עס, פֿערהיטען פֿון איילענדיגע אומבעקלערטע רעפֿאָרמען, איינהאַלטען אין געוויסע גרענעצען די מאַכט פֿון די דירעקטע פֿאָלקספֿערטרעטער — די דעפּוטאַטען. אין עס קומט אויס. אַז אין גרונד איז דער סענאַט בעשטימט נאָר אויף איינצוהאַלטען די צוגיכע ענטוויקלונג פֿון דער געזעצגעבונג. נאָר אַזוי ווי ער איז נישט צוזאַמענגעשטעלט אויסשליעסליך פֿון יחוס אין געלד-אַריסטאָקראַטען, רופֿט ער אַרויס געגען זיך אומצופֿריעדענהייט גאַנץ זעלטען, און דעריבער שפּיעלט ער כּמעט אַזאַ ראָלע, ווי דאָס דעפּוטאַטענהויז. ווען דער סענאַט דריקט אויס זיין אומצופֿריעדענהייט קעגען די מיניסטאָרען, מוזען די לעצטע פֿערלאָזען זייערע שטעלען. דאָס איז אָבער נישט לאָגיש, דען ווען די ביידע קאַמערען שטימען נישט אין זייערע מיינונגען וועגען די מיניסטאָרען, שטויסען זיך צוזאַמען די קאַמערען גופֿא. אין דאָס נאָרמאַלע לעבען ווערט דאַן איבערגעריסען. דאָס לאָרדענהויז אין ענגלאַנד איז אַ נאָכוועהעניש פֿון די אַמאָליגע פּריווילעגיען, וואָס די פֿרייע ווינדען פֿון דער נייער צייט האָבען זיי נאָך נישט אינגאַנצען אַוועקגעבלאָזען. פֿראַנקרייך. ווידער. האַלט זיך ביי׳ם סענאַט אויס מורא, עס זאָלען זיך נישט איבערקעהרען די אונרוהיגע שטירמישע צייטען, וואָס דאָס דאָזיגע לאַנד האָט איבערגעלעבט פֿון דער גרויסער רעוואָלוציע אָן אין פֿערלויף פֿון גאַנצען XIX יאָהרהונדערט.

די איינציגע פּריווילעגיע, וואָס דאָס דעפּוטאַטענהויז האָט אין פֿערגלייך מיט׳ן סענאַט. איז נאָר דאָס, וואָס די ליסטע (די רשימה) פֿון די שטאַאַטס-אויסגאַבען (בודזשעט) אויף דאָס קומענדע יאָהר, ווי אויך פּראָיעקטען פֿון פֿינאַנס-רעפֿאָרמען מוזען פֿריהער אַריינגעבראַכט ווערען אין אונטערהויז.

אַזוי ווי די ענגלישע קאָנסטיטוציע *) איז בעשאַפֿען גע=

*) קאָנסטיטוציע בּכלל הייסט דאָס גרונד-געזעץ, וואָס בעשטימט די יסודות פֿון דעם פּאָליטישען סדר אין לאנד; נאָר געוועהנליך רופֿט מען מיט׳ן דאָזיגען נאָמען די גרונד-געזעצען פֿון יענע לענדער, וואו עס רעגיערען אויסגעקליבענע פֿערטרעטער פֿון פאלק, און עס איז קיין נפֿקא מינה נישט, צי האָט

זײַן צוליעב דעם. ווײַל די קעניגליכע מאַכט אין די פּריווילעגירטע קלאַסען האָבּען בּיסלעכווײַז נאָכגעגעבען דעם ווילען פון פאָלק, דעריבּער איז אין איהר ניט דורכגעפיהרט קײן גרענין צווישען דער אײַגענט־ליבער „געזעצגעבענדער" מאַכט אין צווישען דער, אַזוי גערופענער. „קאָנסטיטואירענדער" (גרינדענדער). „קאָנסטיטואירענדע" הייסט מען יענע מאַכט, וואָס בּעשטימט די גרונד־געזעצען פונ'ם שטאַאַט. צו די גרונד־געזעצען געהערען אַזעלכע פראַגען, ווי: די פאָרם פון דער שטאַטס־אָרדנונג (ד. ה. אויב די פּאָליטישע מאַכט זאָל זיך געפינען אין די הענד בּײַ אַ בּעשטימטען הערשער. אָדער בּײַ פאָלקס־פערטרעטער, אָדער גאָר בּײַ'ם גאַנצען פאָלק), די ראָלע פון די בּעזונדערע מאַכטען אין זייערע בּעציהונגען, זייער מַגעוּמַשָׂא צווישען זיך, די רעכטען פון די בּירגער אין שטאַאַט א. ז. וו. צו'ם בּײַשפּיעל, דעם 25־טען פעבּרואַר פון 1875־טען יאָהר האָט מען אין פראַנקרײַך אָנגענומען אַ גרונד־געזעץ. לויט וועלכען די רעפּובּליקאַנישע רעגירונגס־פאָרם טאָר ניט געענדערט ווערען.

אויף אַזאַ אַרט, קאָן מען זאָגען, אַז די קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצען האָבען אַזאַ שַׁיִכוּת צו די געוועהנליכע, ווי די געוועהנליכע געזעצען צו די פעראָרדנונגען אין בּעפעהלען פון דער רעגירונג. די פעראָרדנונגען דאַרפען זײַן געזעצליך. די געזעצען — קאָנסטיטוציאָנעל. ד. ה. זיי טאָרען ניט ווידערשפּרעכען (סותר זײַן) דער קאָנסטיטוציע. ניט סותר זײַן די גרונד־געזעצען פון לאַנד. דעריבער. בּײַ'ם פערטרויען זעמען עס איז די קאָנסטיטואירענדע מאַכט. וואָס בּעשטימט די גרונד־אָרדנונג פונ'ם שטאַטס־לעבּען פאַר דאָס גאַנצע פאָלק, דאַרף מען זײַן זעהר פאָרזיכטיג. נאַטירליך. אין יענע לענדער. וואו ניט דאָס פאָלק גופא בעשאַפט די קאָנסטיטוציע. בּרויך מען די דאָזיגע מאַכט צו פערטרויען אַזעלכע מענשען, וועלכע מען קלײַבּט אויס ספּעציעל צוליעב דעם אין אַ בעזונדערע קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג. לויט דער פראַנצויזישער קאָנסטיטוציע אָבּער ווערט די דאָזיגע פערזאַמלונג צוזאַמענגעשטעלט פון בּײדע פּאַרלאַמענטס־קאַמערען: פון סענאַט אין פון דעפּוטאַטענהויז. די זעלבּע פערזאַמלונג. ווי מיר וויסען שוין.

דאָס לאַנד אלס ראָש אַ מאָנאַרך, אָדער אַנ'אויסגעקליבענעם פּרעזידענט. אין אַנ'אונבּעגרענצטער מאָנאַרכיע איז דער ווילען פון מאָנאַרך — דאָס איינציגע גרונד־געזעץ פונ'ם לאַנד.

וועהלט אויס אַ פּרעזידענט פאַר די רעפּובליק. מען דאַרף נאָך בעמערקען, אַז די דעפּוטאַטען, ווי אויך די סענאַטאָרען אין פראַנקרייך בעקומען אַ בעשטימטעס געהאַלט אין דער צייט, ווען זיי ערפילען זייערע פליכטען. דאָס איז זעהר וויכטיג: דען ביי אַנ'אַנדערער אָרדנונג (ווי אין ענגלאַנד) ווערען אויסגעשלאָסען פון דער צאָהל מעגליכע פאָלקספערטרעטער פילע מענשען, וואָס מוזען זיך פערדינען לעבענסמיטלען, און אויף אַזאַ אופן פאַלט די פערטרעטונג אַריין אין די הענד פון די פערמעגליכע קלאַסען.

אַזאַ אָרגאַניזאַציע פון די געזעצגעבענדע קאַמערען, ווי אויך דער סדר, לויט וועלכען די פאָלקס-פערטרעטער ווערען געקליבען, בעווייזען, ווי מיר האָבען שוין אויבען געזאָגט, אַז די פערטרעטונגס-רעגירונג אין פראַנקרייך איז מעהר דעמאָקראַטיזירט, אַלס דיזעלבע אין ענגלאַנד, אָבער ביז'ן פערוואַנדלען זיך אין אַ עכטע דעמאָקראַטיע, האָט נאָך פראַנקרייך דורכצומאַכען אַ לאַנגען וועג פון רעפאָרמען. און פאָר אַלעם איז נאָך פאַראַן פיעל צו טהון, אום צו פערוואַנדלען דאָס פראַנצויזישע אַלגעמיינע וואַהלרעכט אין אַ ווירקליך אַלגעמיינעס.

בעקלערענדיג די זאַך, זעהען מיר, אַז אֲפילו ווען די פאָלקס-פערטרעטונג איז נישט געבונדען מיט קיין שום צענז, איז זי אויך נישט אַ פערטרעטונג פון גאַנצען פאָלק, נאָר פון יענעם טייל זיינעם, וואָס האָט בעקומען מעהר שטימען ביי די וואַהלען; די מינדערהייט (דער מיעוט) אָבער בלייבט אָהן אַ פערטרעטער. „די מעהרהייט איז קייזער“, זאָגט מען אין די לענדער, וואָס האָבען אַ פערטרעטונגס-רעגירונג, און קיין אַנדערער אויסגאַנג איז דאָ נישט פאַראַן, דען עס איז געוויס מעהר יושר אָנצונעהמען אַ געזעץ, וואָס בעשיצט די אינטערעסען נישט פון דער מינדערהייט, נאָר פון דער מעהרהייט. מען מוז אָבער מודה זיין, אַז איידער מען נעהמט אָן אַ געזעץ, דאַרף מען איהם פריהער בעטראַכטען פון אַלע זייטען און שטאַנדפּונקטען. דעריבער ברויך מען זעהן, אַז די מעהרהייט זאָל נעהמען אין אַכט די גערעכטע פאָדערונגען פון דער מינדערהייט. דערפון איז געדרונגען, אַז מען מוז געבען דער מינדערהייט אויך אַ פערטרעטונג אין די געזעצגעבענדע פערזאַמלונגען. דאָס פאָלק וועט האָבען אַ ווירקליכע פערטרעטונגס-רעגירונג ערשט דאַן, ווען אין פּאַרלאַמענט וועלען זיצען דעפּוטאַטען, וואָס זענען אויסגעקליבען פון אַלע גרופּען פון דער בע-

פֿאָלקערונג לויט דער צאָהל פֿון מיטגליעדער אין יעדער גרופּע. דעריבער דאַרף מען איינפֿיהרען דאָס, וואָס מען רופֿט אָן פּראָפּאָרציאָנעלע וואַהלען, ד. ה. אַזעלכע וואַהלען, בּיי וועלכע אַ פּאַרטיי, וואָס האָט פֿינף מאָל אַזוי פֿיעל מיטגליעדער, ווי אַן אַנדערע, בּעקומט פֿינף מאָל אַזוי פֿיעל פֿערטרעטער, אָבּער קיין איינע פֿון די פּאַרטייען ווערט ניט אינגאַנצען אָבּגעשטויסען פֿון דער פֿערטרעטונג.

דאָס איז אָבּער פֿערבּונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען. צום בּיישפּיעל, אין עסטרייך האָט אַמאָל עקזיסטירט אַ וואַהל-סיסטעם, לויט וועלכען פֿאָרשטעהער פֿלעגען געקליבּען ווערען בּעזונדער 1) פֿון די גרעסערע ערדבּעזיצער, 2) פֿון די שטאָדט-בּירגער, 3) פֿון די האַנדעלס-אינדוסטריע-קאַמערען און 4) פֿון די לאַנדבּעפֿעלקערונג (פּויערען). דאָס דאָזיגע סיסטעם איז אָבּער ניט נאָר געגרינדעט אויף די אַמאָליגע פּריווילעגיען פֿון די שטאַרקערע קלאַסען, — עס האָט נאָך דעם גרונד-פֿעהלער. דאָס בּיי'ם טיילען אויף גרופּען רעכענט מען זיך דאָ אויסשליעסליך מיט'ן אונטערשיעד אין'ם פֿערמעגען פֿון די וועהלער. אויסערדעם אין לעבּען ווערען אָהן אויפֿהער געבּוירען נייע גרופּען, די אַלטע שטאַרבּען אָבּ. און אַלע ענדערען זיך, ניט בּלייבּענדיג אויף שטענדיג איינע און דיזעלבּע. דעריבּער פּראָיעקטירט מען איצטער, אַז מען זאָל ערלויבּען די פֿערשיעדענע פּאַרטייען, וואָס בּילדען זיך נאַטירליך אין גאַנג פֿון'ם לעבּען אין לאַנד, אַז זיי זאָלען אָנגעבּען זייערע אייגענע ליסטען (צעטלען) פֿון די דעפּוטאַטען, וואָס זיי וואָלטען וועלען אַריינפֿיהרען אין פּאַרלאַמענט. בּיי די וואַהלען ווערט אין אַזאַ פֿאַל געקעמפּפֿט פֿאַר דעם נצחון פֿון דער אָדער יענע ליסטע. די פֿראַגע וועגען דער טעכנישער מעגליכקייט פֿון פּראָפּאָרציאָנעלער פֿערטרעטונג איז זעהר פֿערוויקעלט. און דאָס אַרומרעדען די אַלע סיסטעמען, וואָס זענען אויסגעאַרבּייט צו דעם צוועק, וואָלט פֿערנומען צופֿיעל פּלאַץ. איך מוז דאָ דעריבּער די דאָזיגע סיסטעמען לאָזען אָן אַ זייט. בּפרט אַז דאָס ציעל פֿון דעם בּיכעל, איז צו בּעטראַכטען ניט די טעכנישע מיטלען פֿון דער שטאַטס-אָרגאַניזאַציע, נאָר אירע פּרינציפּען (גרונד-כללים) גופא. דערצו האָט מען נאָך פֿאָרלויפֿיג מיט דער פּראָפּאָרציאָנעלער פֿערטרעטונג קיינע ערנסטע פּראָבּען ניט געמאַכט. אַלס בּיישפּיעל וועל איך דאָ אָנווייזען נאָר אויף דאָס סיסטעם פֿון פּראָפּאָרציאָנעלער פֿערטרעטונג, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין

סערביען לויט דער קאָנסטיטוציע פֿון 1886-טען יאָהר. אום אויסגעוועהלט צו ווערען, דאַרף מען בעקומען אַזאַ צאָהל שטימען פֿאַר זיך, ווי די צאָהל וואָס מיר וועלען בעקומען, אויב מיר וועלען צעטיילען די סומע פֿון אַלע וועהלער אויף די דעפּוטאַטען. אויב וועהלער איז פֿאַרהאַן אַ מיליאָן, און אויסגעוועהלטע דאַרפֿען זיין צוויי הונדערט. דאַרף יעדער דעפּוטאַט בעקומען נישט ווייניגער פֿון אַ מיליאָן געטיילט אויף צוויי הונדערט, ד. ה. פֿינף טויזענד שטימען. ווייטער קאָנען יעדע 50 מענשען אָנגעבען זייער אייגענע ליסטע פֿון קאַנדידאַטען אויף דעפּוטאַטען. אין טאָג פֿון די וואַהלען שטעלט מען אַרויס אַזוי פֿיעל וואַהל-קעסטלעך, וויפֿיעל ליסטען עס זענען אָנגעגעבען געוואָרען, און אויף יעדען קעסטעל איז אַרויסגעהאַנגען איינע פֿון די ליסטען. די וועהלער וואַרפֿען זייערע באַלען (גאַלקעס) אין יענע קעסטלעך, אויף וועלכע עס געפֿינען זיך די ליסטען, וואָס זענען זיי אַם מעהרסטען צו'ם האַרצען. ביים צעהלען רעכענט מען פֿון יעדער ליסטע נאָר אַזוי פֿיעל אויסגעוועהלטע דעפּוטאַטען, וויפֿיעל מאָל אין קעסטעל ענטהאַלט זיך די צאָהל באַלען, וואָס מען דאַרף בעקומען אום אויסגעקליבען צו ווערען. אין דענעמאַרק, איטאַליען און שפּאַניען בענוצט מען אַנדערע סיסטעמען.

ביי דעם סיסטעם פֿון אַלגעמיינעם שטימרעכט, וואָס די גרעסערע מערב-אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע שטאַאַטען האָבען אָנגענומען, האָט די מינדערהייט איהרע פֿאָרשטעהער נאָר אין יענע בעצירקען, וואו צופֿעליג געפֿינען זיך איהרע אָנהענגער מעהר, אַלס די אָנהענגער פֿון דער מעהרהייט. נאָר שוין נישט רעדענדיג אֲפילו פֿון אַזאַ אונרעגעלמעסיגער פֿערטרעטונג, דערגרייכט נישט די צאָהל פֿון די אַקטיווע בירגער אֲפילו צו אַ העלפֿט פֿון דער גאַנצער בעפֿעלקערונג. געוועהנליך איז די דאָזיגע צאָהל ווייניגער אַלס אַ פֿיערטעל פֿון דער בעפֿעלקערונג אין לאַנד. דאָס שטאַמט פֿון פֿאָלגענדע אורזאַכען. פֿאַר אַלעם ווערט אויסגעשלאָסען פֿון דער צאָהל וועהלער אַ העלפֿט פֿון דער בעפֿעלקערונג, דען פֿרויען לאָזט מען צו די וואַהלען נישט צו, אויסער אין איינגע שטאַאַטען פֿון צפון-אַמעריקאַ. נאָר אֲפילו פֿון דער צווייטער העלפֿט געניעסט אויך נישט דאָס וואַהלרעכט אַ גאַנצע רייהע מענשען: 1) אַלע אויסלענדער, וואָס וואָהנען אויף דער טעריטאָריע פֿון שטאַאַט, 2) די פּערזאָנען, וואָס זענען נישט פֿוליעהריג.

אָדער וואָס האָבען נישט דערגרייכט צו אַ בעשטימטען עלטער, וועל=
כעס איז אָנגעוויזען אין געזעץ,*) 3) פּעראורטיילטע פאַר געוויסע
פערברעכען (מייסטענס פאַר די וואָס מען רופט „שענדליכע" פער=
ברעכען), 4) פּעראָרעמטע, אין מאַנכע ערטער אויך פערשווענדער.
5) מענשען, וואָס האָבען בעקומען שטיצע פון די געמיינדען —
בעטלערס, בעלי קצבה, 6) מיליטער-בעאַמטע, ווי אויך געוויסע קאַ=
טעגאָריען ציוויל-בעאַמטע, — און נאָך פילע אַנדערע. אַזעלכע בע=
גרענצונגען זענען איינגעפיהרט אָדער דערפאַר, ווייל מען רעכענט
געוויסע קאַטעגאָריען מענשען פאַר אונפעהיג בכלל צו האָבען אַ ריכ=
טיגע מיינונג איבער דעם ענין פון די וואַהלען: פאַר אַ זעלכע האָט
מען אָנגענומען די נישט-פוליעהריגע און אויסלענדער, די לעצטע
דערפאַר, ווייל זיי זענען נישט ענג געבונדען מיט'ן לאַנד, און וועלכען
זיי וואהנען, — אָדער ווייל די לאַגע פון געוויסע פּערזאָנען רויבט ביי
זיי אַוועק זייער זעלבשטענדיגקייט, צו'ם ביישפיעל, מיליטער- און
ציוויל=בעאַמטע, דיענער א. אז. וו. נאָר אויב על פי יושר דאַרפען גע=
ניעסען פון דער פערטרעטונג אַלע עלעמענטען פון פאָלק, קאָן מען
פילע פון די איינגעפיהרטע בעגרענצונגען נישט אַנערקענען פאַר
דורכאויס נויטיגע. לאָמיר נעהמען די פערברעכער. נישטאָ אַזעלכע
אויסערליכע סימנים, וואָס ווייזען, אַז די אָדער יענע פּערזאָן, אויב זי
איז נאָר גייסטיג געזונד, האָט אָנגעוואָהרען די פעהיגקייט צו די וואַה=
לען. דערצו טרעפט גאַנץ אָפט, אַז דאָס געזעץ און די מאָראַל שטי=
מען נישט צווישען זיך, און עס איז זעהר מעגליך, אַז דער „פערברע=
כער" זאָל אין גרונד זיין אַן ערליכער מאַן. ווייטער איז געפעהרליך
צו בעשאַפען אין פאָלק אַ קאַטעגאָריע פון רעכטלאָזע מענשען, דען
די פערפרעמדקייט גופא פערשטאַרקט אין זיי דעם האַס צו דער גע=
זעלשאַפט. פילע מינים פערברעכען, וואָס ווערען גערעכענט פאַר
שענדליכע, שטאַמען פון דער שלעכטער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג.
די אַרבייטסלאָזיגקייט, צו'ם ביישפיעל, פערגרעסערט די צאָהל פון
גנבות. מיט געוואַלט שטופט זי אויפ'ן אונערליכען וועג אַ זעלכע
מענשען, וואָס האָבען פריהער געלעבט פון ערליכער מיה. דעריבער
טאַקי וואָלט געווען אַ יושר, אַז די פערברעכער זאָלען געניעסען פונ'ם

*) אין אלע לענדער — פון 20 ביז 25 יאהר. נאָר אין דענעמארק
30 יאָהר.

וואהל-רעכט. דען אין דער ווירקליכקייט זיינען זיי נישט מעהר, אלס סימנים פון די פעהלערן אין דער סאציאלער ארדנונג. און עס איז צו גלויבען, אז די צאהל פון אזעלכע מענשען איז אזוי גרויס, דאס זיי וואלטען בעדייטענד געענדערט די פראפארציע פון די געזעלשאפטליכע קרעפטען, וואס בעטייליגען זיך אין די וואהלען. ריכטיגער איז דאס, וואס מען בעזייטיגט פון די וואהלען אזעלכע מענשען, וואס האבען בעוויזען זייער אונפעהיגקייט צו דער זאך מיט ספעציעלע פערברעכען. צום ביישפיעל: קויפענדיג פרעמדע אדער פערקויפענדיג זייערע אייגענע שטימען. נאר האטש מען קען נישט לייקענען, אז פערברעכער קענען האבען ריכטיגע מיינונגען, דאך טאר מען נישט פערגעסען אן זייער לאגע. דעריבער איז א ספק, אויב ארעסטאנטען זענען אימשטאנד פריי צו געבען פאר עמיצען זייער שטימע. דען די פערוואלטונג פון דער טורמע קען האבען אויף זיי א ווירקונג. די, וואס געפינען זיך אונטער א געריכטליכע אויספארשונג צוליעב א פערברעכען זיינען נאך מעהר אבהענגיג. אבער פון דער צווייטער זייט, אויב מען וואלט אזעלכע בעשולדיגטע נישט צוגעלאזען צו די וואהלען, וואלט די רעגירונג געקאנט אויסנוצען די געלעגענהייט און נאהענט צו די וואהל-טעג בעשולדיגען און וואס עס איז פערשיעדענע מענשען, וואס האבען אן איינפלוס אויף די וועהלער, אום דערמיט זיי צו פסל'ען ביי די וואהלען. דאס דאזיגע ביישפיעל בעווייזט, ווי פערפלאנטערט עס איז די פראגע וועגען די בעגרענצונגען. אזעלכע בעגרענצונגען עקזיסטירען אין אלע לענדער און דערונטער אין פראנקרייך אויך.

צום שלוס דארפען מיר זאגען, אז אין ענין פון די וואהלען איז זעהר וויכטיג די פראגע וועגען די וואהל-בעצירקען. צו דארף דאס לאנד בילדען איין וואהל-בעציר, און די בעפעלקערונג זאל צוזאמען קלייבען אלע דעפוטאטען. אדער פערקעהרט, דער שטאאט מוז געטיילט ווערען אויף גרעסערע אדער קלענערע בעצירקען און יעדער פון די זאל וועהלען בלויז עטליכע דעפוטאטען? אדער די בעצירקען זאלען נאר זיין זעהר קליינע און יעדער פון זיי זאל שיקען איין דעפוטאט? ביי גרויסע בעצירקען קענען די וואהלען פארקומען וועניגער בעוואוסטזיניג, נישט בלויז ווייל מען מוז דא קלייבען א גרויסע צאהל מענשען, נאר אויך דערפאר, ווייל די וועהלער זיינען וועניגער בעקאנט מיט די קאנ-

דיזאַטען, וואָס דער גרעסטער טייל פֿון זיי שטאַמט נישט פֿון דער פּראָווינץ, וואו דער וועהלער וואוינט. דאַגעגען ווען די בעצירקען זענען נאָר קליין, טרעפֿט אָפֿט, אַז אין פּאַרלאַמענט פֿאַלען אַריין אונפֿעהיגע און נישט וויכטיגע פֿאָרשטעהער, וואָס שפּיעלען פֿיעל-ווייניג אַ ראָלע נאָר יעדערער אין זיין קלייזעל, האָבען אָבער קיין ווערט נישט, ווען זיי פֿערלאָזען זייער קליינעם אָרט.

בעקומען אַ נאָמען און אַנ׳איינפֿלוס אין גרויסע בעצירקען קאָנען נאָר מענשען מיט גרעסערע פֿעהיגקייטען און מיט מעהר קענטעניש. פֿון דער צווייטער זייט אָבער, ביי קליינע בעצירקען איז דער בעשטאַנד פֿון די דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט פֿערשידענאַרטיגער. די רעזולטאַטען פֿון דער אָדער יענער פֿערטיילונג אויף בעצירקען, ביי פֿערשידענע אָבשטימונגס-סיסטעמען, זענען זעהר פֿערוויקעלט. און די געזעצגעבונגען האָבען נאָך ביז איצט נישט אויסגעאַרבייט קיין פֿעסטען קוק אויף די וואַהל-בעצירקען און אָבשטימונגס-סיסטעמען. אין פֿראַנקרייך, צום ביישפּיעל, האָט מען אין 1885-טען יאָהר איינגעפֿיהרט גרויסע בעצירקען און וואַהלען לויט די ליסטען (Scrutin de liste). אָבער אין יאָהר 1889 האָט זיך פֿראַנקרייך אומגעקעהרט צו קליינע בעצירקען און צום אינדיווידועלען וואַהל-סיסטעם. ביי וועלכען יעדער בעצירק וועהלט נאָר איין דעפּוטאַט. מען מוז נאָך אויפֿמערקזאַם מאַכען דערויף, אַז ביים דורכפֿיהרען די גרענעצען פֿון די וואַהל-בעצירקען, קאָן מען מיט קונצען אויסדרעהען אַזוי, אַז די מינדערהייט זאָל בעקומען אַ מעגליכקייט צו שיקען אין פּאַרלאַמענט אַ מעהרהייט פֿון דעפּוטאַטען. רעגיערונגען האָבען זיך טאַקי דערמיט בענוצט, אום אַריינצופֿיהרען אין פּאַרלאַמענט זייערע מענשען. דערום איז נויטיג צו בעשטימען די וואַהל-בעצירקען דורך אַ ספּעציעלעס געזעץ.

וואָס אַנבעלאַנגט צום רעכט געוועהלט צו ווערען (פּאַסיוועס וואַהל-רעכט), איז עס געוועהנליך ווייניגער בעגרענצט. דען שוין דערמיט אַליין, וואָס דאָס געזעץ בעגרענצט דעם קרייז פֿון די וועהלער, ווירקט עס אויף דעם בעשטאַנד פֿון די געוועהלטע. און דאָך לעגט מען אַרויף זעהר אָפֿט אויף די געוועהלטע אויך איין בעגרענצונג: פֿון זיי פֿאָדערט מען געוועהנליך אַ העכערעס עלטער, אַלס פֿון די אַקטיווע בירגער. אין פֿראַנקרייך און אין דייטשלאַנד קאָנען געוועהלט ווערען

נאָר די, וואָס זענען אַלט נישט ווענינער פֿון 25 יאָהר, אויך וועהלען אָבער איז גענוג צו זיין פֿוליעהריג (21 יאָהר). אין ענגלאַנד געניע-סען פֿוליעהריגע (21 יאָהר) פֿון ביידע פֿאָרמען פֿון וואַהלרעכט — פֿון אַקטיווען און פּאַסיווען. אין פֿראַנקרייך, אויסערדעם, קאָנען נישט געוועהלט ווערען פֿאַר דעפּוטאַטען די בעאַמטע פֿון דער אַרמעע און פֿון פֿלאָט.

פֿון דעם אַלעם, וואָס מיר האָבען אויבען געזאָגט, קומען מיר צו'ם שלוס. דאָס דעמאָקראַטישע פּרינציפּ פֿאָדערט אַנ'אַלגעמיינע, גלייכע, פּראָפּאָרציאָנעלע און געהיימע אָבשטימונג.

---

## .III

איבערגעהענדיג צו דער שטאַטס-אָרדנונג פֿון די צפון-אַמעריקאַנישע לענדער, בעגעגנען מיר זיך צו'ם ערשטען מאָל מיט דער אָרגאַניזאַציע פֿון אַ בונדעסשטאַט (פֿעדעראַציע). ווי אין אַמעריקאַ, אַזוי אויך אין שווייץ איז דער בונדעסשטאַט בעשאַפֿען געוואָרען פֿון אַ שטאַטענפֿערבאַנד. דער אונטערשייד צווישען די ביידע איז, דאָס אין אַ פֿערבאַנד פֿון שטאַטען איז יעדער איינצעלנער שטאַט פֿולשטענדיג סוּווערען (אַ מושל בעצמו). די מלוכות שליסען דאָ איין אָבמאַך בנוגע צו געוויסע ענינים. נאָר יעדע פֿון זיי בלייבט גאַנץ זעלבשטענדיג. דען דאָ איז נישטאָ קיין געמיינזאַמע מאַכט איבער זיי אַלע. ווען זיי בילדען אָבער אַ פֿעדעראַציע, ווערד דערביי בעשאַפֿען אַ נייע איבערמאַכט — די פֿעדעראַטיווע אָדער בונדעס-מאַכט, וואָס בעגרענצט די הערשאַפֿט פֿון יעדען שטאַט בעזונדער.

די פֿעדעראַציע אין אַמעריקאַ איז בעשאַפֿען געוואָרען צוליעב דעם, וואָס אַלע איהרע שטאַטען, אַלס ענגלישע קאָלאָניען, זענען געווען געבונדען צווישען זיך אין פֿיעלע בעציהונגען. פֿאַר זיי האָט געלוינט צו פֿעראייניגען זיך אין איין גאַנצען אָרגאַניזם און פֿערגרעסערען דערמיט זייערע קרעפֿטען. די פֿעדעראַציע קאָן אָבער זעהר גוט אויסגענוצט ווערען אויך ביי אַנדערע אומשטענדען. ווען צו'ם ביישפּיעל, אַ גרויסע מלוכה בעשטעהט פֿון פֿעלקער מיט פֿערשיעדענע נאַציעס. וואָס אונטערשיידען זיך שאַרף איינס פֿון צווייטען מיט זייערע מנהגים, מיט דער רעליגיע, מיט דער שפּראַך, — קאָן די פֿעדעראַ-

טיווע פארם זיין פאר איהר זעהר לויהנענד אונד בעקוועם. דאס גיעט א מעגליכקייט, ניט צערייסענדיג די פערבינדונג צווישען די איינצעלנע פעלקער, צו בילדען איינצעלנע זעלבשטענדיגע שטאאטען לויט די נאציעס נאך, וואו אלע אין איינעם זענען פערבונדען דורך איין פעדעראטיווע מאכט.

צוערשט האבען איינצעלנע שטאטען אין צפון-אמעריקא געשלאסען „א פריינדליכען בונד (אחדות) מיט'ן צוועק צו בעשיצען די פרייהייט און מיטצווירקען פאר דעם וואלשטאנד פון אלע זיינע מיטגליעדער". אלס צענטראל-ארגאן פון דעם פערבאנד האט מען בעשטימט דעם קאנגרעס, וועלכען עס האבען געבילדעט די דעלעגאטען פון די בעזונדערע שטאטען. אין אזוי ווי די שטאטען אין בונד זענען פערבליבען זעלבשטענדיג און זענען פעררעכענט געווען פאר גלייכע צווישען זיך, דעריבער, האט יעדער שטאט האט געשיקט אויפ'ן קאנגרעס עטליכע דעלעגאטען, האבען אלע געשיקטע פון איין שטאט געהאט ניט מעהר אלס איין שטים.

דא מוזען מיר בעמערקען, אז צווישען אזעלכע דעלעגאטען און צווישען פאלקס-פערטרעטער איז א גרויסער אונטערשיעד. יעדער דעפוטאט ווערט גערעכענט פאר'ן אויסדערוועהלטען פון גאנצען פאלק, דעריבער איז ער מחויב צו זארגען ניט פאר די אינטערעסען פון דעם בעצירק, וואס זיין בעפעלקערונג האט איהם אויסגעקליבען, נאר פאר דאס גאנצע פאלק. זיינע וועהלער האבען ניט דאס רעכט איהם צו לערנען און אנצואגען, ווי אזוי ער זאל זיך בעגעהן ביי'ם ארומרעדען אין פארלאמענט די אדער יענע פראגע. דאגעגען, א דעלעגאט אבער ווערט געשיקט פון דער שטאטס-רעגירונג, אום ער זאל מודיע זיין איהרע מיינונגען און זאל זיי פערטיידיגען אויפ'ן קאנגרעס. ער בעדארף זיך פיהרען לויט דער אינסטרוקציע (אנואג, בעפעהל). וואס זיין רעגירונג גיעט איהם. אויף דער שפראך פון דער שטאטס-לעהרע הייסט עס: דער דעלעגאט בעקומט אן אימפעראטיווע מאנדאט (בעפעהלס-פולמאכטען).

נאך דעם קריעג פאר די אונאבהענגיגקייט *), אויפ'ן קאנגרעס,

*) ביזן לעצטען פיערטעל פון XVIII יאהרהונדערט זענען די אמעריקאנישע שטאטען געווען קאלאניען פון פערשיעדענע אייראפעאישע מלוכות, הויפטזעכליך — פון ענגלאנד. אין 1775-טען יאהר האט אויסגעבראכען

פֿון 1787-טען יאָהר, האָט מען דעם דאָזיגען בונד געפֿונען פֿאַר ניט גענוג און מען האָט אויסגעאַרבייט אַ פֿעדעראַטיווע קאָנסטיטוציע. ביזלעבהייט האָבען זי אָנגענומען אַלע 13 שטאַטען. פֿון וועלכע דער פֿריהערדיגער בונד איז בעשטאַנען. לויט דער דאָזיגער קאָנסטיטוציע ווערט די גאַנצע בעפֿעלקערונג פֿון די פֿעראייניגטע שטאַטען אַנערקענט אַלס איין פֿאָלק, מיט איין געמיינזאַמער שטאַטס-מאַכט. און די רע-גירונגען פֿון די איינצעלנע שטאַטען זענען זעלבשטענדיג בלויז אין געוויסע גרענצען. די דאָזיגע פֿעראייניגונג און די איבעררעכטען פֿונ'ם פֿאָלק זענען פֿייערליך בעשטעטיגט געוואָרען אין פֿאָלגענדע ווערטער, מיט וועלכע די קאָנסטיטוציע פֿון 1787-טען יאָהר הויבט זיך אָן: „מיר, דאָס פֿאָלק פֿון די פֿעראייניגטע שטאַטען, בעגעהרענדיג צו שאַפֿען אַ בעסערן בונד, איינציפֿיהרען גערעכטיגקייט. צו פֿער-שטאַרקען די רוהע אין לאַנד אינווייניג און צו בעשירמען עס פֿון געפֿאַהר פֿון דרויסען, מיטצוהעלפֿען דער ענטוויקלונג פֿון געמיינזאַמען וואָהלשטאַנד. צו גאַראַנטירען פֿאַר אונז און פֿאַר די שפּעטערדיגע דורות די נוצען פֿון דער פֿרייהייט, פֿעראָרדנען מיר און גרינדען פֿאָלגענדע קאָנסטיטוציע פֿאַר די פֿעראייניגטע שטאַטען פֿון אַמעריקאַ“. פֿון דאַן אָן איז די גאַנצע בעפֿעלקערונג פֿון די פֿעראייניגטע שטאַטען איין פֿאָלק. דעריבער האָבען בירגערליכע רעכטען אין יעדען שטאַט אַלע איינוואוינער פֿון צפֿון-אַמעריקאַנישער רעפּובליק. וואָס וואוינען אויף דער טעריטאָריע פֿונ'ם דאָזיגען שטאַט **).

די נאַטוראַליזאַציע. ד. ה. צונעהמען אַ פֿרעמדען אין די רע-פּובליק פֿאַר אַ בירגער — איז בײַ דער בונדעסמאַכט און די הענד. דיזעלבע מאַכט בעשטימט די גרעניץ-אָבצאָהלונגען און די שטייערען. וואָס געהען אויף די אויסגאַבען פֿון דער פֿעדעראַציע, זי פֿיהרט די דיפּלאָמאַטישע פֿערהאַנדלונגען מיט אַנדערע מלוכות, בעפֿעהלט (אין דער פּעריאָד פֿון פּרעזידענט) איבער די מיליטער-קרעפֿטען פֿון לאַנד און האָט אונטער איהר אויפֿזיכט די פּאָסט און דעם מאָנעטענהויף. אין אַלע אַנדערע געשעפֿטען זענען די שטאַטען זעלבשטענדיג. ביז

אַ קריעג צווישען די ענגלישע קאָלאָניען אין אַמעריקאַ און צווישען זייער מעטראָפּאָל, ד. ה. ענגלאַנד, און אין פֿערלויף פֿון איינינע יאָהר האָבען זיך די שטאַטען ביזלעבהייט בעפֿרייט פֿונ'ם ענגלישען יאָך.

**) אַלע שטאַטען פֿון צפֿון-אַמעריקאַ זענען רעפּובליקען.

וואַנען, פֿערשטעהט זיך, די איבערמאַכט וועט ניט ענדערן די קאָנסטיטוציע פֿון דער פֿעדעראַציע.

אַזוי ווי די זעלבשטענדיגקײט פֿון די שטאַטען איז דאָ שטאַרק בעגרענצט. איז זעהר וויכטיג צו בעשטימען דעם סדר, לויט וועלכען עס אַרבײט די קאָנסטיטואירענדע מאַכט פֿון לאַנד. די דאָזיגע מאַכט געהערט צו אַ בעזונדערן קאָנסטיטואירענדען קאָנווענט (פֿערזאַמלונג), וועלכען מען רופֿט צונויף ווען עס פֿערלאַנגען דאָס צוויי דריטעל פֿון אַלע געזעצגעבענדע פֿערזאַמלונגען. וואָס זענען פֿאַרהאַן אין אַלע שטאַטען. אין דער ווירקליכקײט אָבער ווערט אָט דער סדר ניט אָבגעהיט. אין אַלע ענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציע זערען געמאַכט לויט דעם פֿאָרשלאַג פֿונ'ם קאָנגרעס, נאָר מיט פֿאָלגענדען בעדינג: אין יעדער קאַמער פֿונ'ם קאָנגרעס דאַרף האַלטען פֿאַר די ענדערונגען אַ מעהרהײט פֿון צוויי דריטעל מיטגליעדער, און אויסערדעם דאַרפֿען מסכּים זײַן דערויף ניט ווייניגער, אַלס דרײַ פֿירטעל פֿון דער צאָהל שטאַטען אין דער רעפּובליק. אַזוי אַז דער קאָנגרעס האָט אַ קאָנסטיטואירענדע מאַכט נאָר אין פֿאַל, ווען איהם שטיצט אַ היבשע מעהרהײט פֿון די שטאַטען. ווידער. אין געוועהנליכען גאַנג פֿון לעבען איז ער אַ געזעצגעבענדער אָרגאַן.

אויסער די אָנגעוויזענע בעזונדערהײטען בעגעגנען מיר אין דער צפון־אַמעריקאַנישער רעפּובליק נאָך עטליכע נײַע שטריכען. הויפּטזעכליך דריקען זיי זיך אויס אין דער שטרעבונג אָבצוטײַלען די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט פֿון דער געזעצגעבענדער. אַלס זיכטבאַרער ראָש פֿון דער מלוכה, האָט דער פּרעזידענט רעכטען. וואָס זענען ענליך צו די רעכטען פֿונ'ם פּרעזידענט אין דער פֿראַנצויזישער רעפּובליק. אָבער אַלס ראָש פֿון דער אַדמיניסטראַציע. איז ער אין אַמעריקאַ פֿיעל זעלבשטענדיגער. ער בעשטימט אַלע מיניסטאָרען, און זיי זענען אונטערגעוואָרפֿען נאָר אונטער איהם און נאָר איהם מוזען זיי אָבגעבען דין וחשבון פֿאַר זייערע מעשׂים. דאָס גיט איהם אַנ'אונגעהײַערע קראַפֿט, ווען אַלע בעאַמטע זענען פֿון איהם אָבהענגיג. די אַרמעע געפֿינט זיך ניט נאָר אונטער זײַן בעפֿעהל, נאָר אויך אונטער זײַן קאָמאַנדע. דאָס אויסוועהלען דעם פּרעזידענט ווענדט זיך אויך ניט אָן די געזעצגעבער. אָבער געבענדיג דעם פּרעזידענט אין די הענד אַזאַ מאַכט. האָבען די פֿערפֿאַסער פֿון דער קאָנסטיטוציע מורא געהאַט

צידערלאָזען, אַז דאָס פֿאָלק זעלבסט זאָל איהם וועהלען. אַלס אויס-דערוועהלטער פֿון גאַנצען פֿאָלק, וואָלט ער אַ צו גרויסען איינפֿלוס בעקומען. דעריבער איז איינגעפֿיהרט אַ גאַנץ בעזונדערעס סיסטעם פֿאַר די וואַהלען פֿון פּרעזידענט און וויצע-פּרעזידענט. דאָס פֿאָלק קלייבט אויס אַזאַ צאָהל ספּעציעלע אויסוועהלער, וויפֿיעל מיטגלידער עס זענען פֿאַרהאַן אין ביידע קאַמערען פֿון קאָנגרעס, און די פֿערזאַמלונג פֿון די דאָזיגע אויסוועהלער קלייבט שוין אַ פּרעזידענט און אַ וויצע-פּרעזידענט. די אויסוועהלער טאָרען נישט זיין קיין מיטגלידער אין קאָנגרעס, דאָס בעשאַפֿט שוועריגקייטען פֿאַר די בעפֿעלקערונג, וועלכע מוז, הייסט עס, אויסקלייבען אַ דאָפּעלטע צאָהל מענשען: פֿאַר די קאַמערען פֿון קאָנגרעס און פֿאַר די וואַהלען פֿון פּרעזידענט.

דער פּרעזידענט, מיט דער הַסְכָּמָה פֿון סענאַט *), בעשטימט די מיטגלידער פֿונ'ם אויבערגעריכט (אויבער-בית־דין), וואָס בעשטעהט פֿון אַ פֿאָרזיצענדען און פֿון אַכט מיטגלידער. איבריגענס, זענען די ריכטער אין אַמעריקאַ גאַנץ אונאַבהענגיג און קאָנען אָבגעשאַפֿט ווערען נאָר לויט דעם פְּסַק־דין פֿון געריכט. די געריכטס-מאַכט קאָן נאָך אֲפִילוּ געפֿינען אַ געזעץ פֿאַר נישט קאָנסטיטוציאָנעל.

אַזוי ווי די מיניסטאָרען זענען נישט פֿעראַנטוואָרטליך ביי דעם קאָנגרעס, ענטפֿערט פֿאַר זיי דער פּרעזידענט, וועלכער האָט זיי בעשטימט, דעריבער קאָן דער קאָנגרעס, אין גאַנצען גענומען, אָבשאַפֿען דעם פּרעזידענט. דערביי קאָן דאָס דעפּוטאַטענהויז איהם איבערגעבען צום מִשְׁפָּט פֿון סענאַט. ווען דער פּרעזידענט ווערט אָבגעשאַפֿט אָדער ער שטאַרבט פֿאַר'ן טערמין, אויף וועלכען ער איז אויסגעקליבען, פֿערטרעט זיין שטעלע דער וויצע-פּרעזידענט, וואָס ביז דעמאָלט איז ער פֿאָרזיצענדער אין סענאַט.

אַלזאָ זעהען מיר, אַז האָטש דער פּרעזידענט בעזיצט אַן אונגעהייערע מאַכט, וואָס איז פֿיעל גרעסער אַלס די מאַכט פֿון ענגלישען קעניג און פֿראַנצויזישען פּרעזידענט, איז אין אַמעריקאַ, פֿון דעסטוועגען, פֿאַרהאַן אַ מעגליכקייט נישט נאָר נישט אויסצוקלייבען צו'ם צווייטען מאָל דעמזעלבען פּרעזידענט, נאָר אַפֿילו אַראָבצוזעצען איהם פֿון זיין שטעלע פֿאַר'ן טערמין. דערין ווייזט זיך אַרויס דאָס דעמאָ-

---

*) דער סענאַט איז דאָס אויבערהויז פֿון קאָנגרעס.

קראַטישע פּרינציפּ, אַז די אויבערמאַכט געהערט צו׳ם פאָלק, וואָס גיעט זי איבער צו זיינע פאָרשטעהער. אין שטימונג מיט דעמזעלבען דעמאָקראַטישען פּרינציפּ איז אין אַמעריקאַ איינגעפיהרט אַ קירצערער טערמין פאַר די אויסדערוועהלטע פון פאָלק. די דעפּוטאַטען אין דאָס אונטערהויז ווערען געקליבען אויף 2 יאָהר, אין סענאַט — אויף 6 יאָהר, דער פּרעזידענט און וויצע־פּרעזידענט — אויף 4 יאָהר. ביי אַזאַ טערמין קאָן זיין מעהר איינשטימיגקייט צווישען פאָלק און זיינע פערטרעטער. אין דער אָרגאַניזאַציע פון די קאַמערען האָט זיך אויסגעדריקט די פעדעראַטיווע אָרדנונג פון דער מלוכה. יעדער שטאַט, ווי גרויס זיין בעפעלקערונג זאָל נישט זיין, שיקט אין סענאַט אַריין צוויי פאָרשטעהער. דאָס איז דערפאַר, ווייל די שטאַטען, אַלס בעזונדערע מלוכות, זענען אַנערקענט אַלס גלייכע איינער צו׳ם צווייטען. די סענאַטאָרען זענען אָבער זעלבשטענדיג אין זייער טהעטיגקייט און בעקומען נישט פון די שטאַטען קיינע אינסטרוקציעס. דאָס אונטערהויז ווערט גערעכענט פאַר׳ן פערטרעטער פון גאַנצען און פעראייניגטען פאָלק, וואָס בעוואָהנט די טעריטאָריע פון דער רעפּובליק. דעריבער ווענדט זיך די צאָהל פון זיינע מיטגליעדער נישט אָן די צאָהל פון די שטאַטען, נאָר זי ווערט בעשטימט לויט דער צאָהל פון דער בעפעלקערונג אין דער גאַנצער רעפּובליק. אין אָנהויב פלעגט אויסקומען צו איין דעפּוטאַט אויף יעדע 30.000 איינוואָהנער, איצטער — כמעט אויף יעדע 80.000.

די סענאַטאָרען ווערען געוועהלט דורך די געזעצגעבענדע פערזאַמלונגען פון די שטאַטען. די דעפּוטאַטען פאַר דאָס אונטערהויז וועהלט דאָס פאָלק אַליין, לויט אַלגעמיינער, דירעקטער און געהיימער אָבשטימונג. צו דעם צוועק טיילט מען יעדען שטאַט אויף אַזוי פיעל בעצירקען, וויפיעל דעפּוטאַטען ער דאַרף געבען, און יעדער בעצירק וועהלט איין דעפּוטאַט. די מיטגליעדער פון ביידע קאַמערען בעקומען געהאַלט.

פון אונזער איבערזיכט איז צו זעהן, אַז די אָרגאַניזאַציע פון די בונדעס־אַנשטאַלטען אין דער צפון־אַמעריקאַנישער רעפּובליק איז געגרינדעט אויף דער צעטיילונג פון די מאַכטען. דער קאָנגרעס האָט נישט קיין דירעקטע ווירקונג אויף די אַדמיניסטראַציע, דער פּרעזידענט און די מיניסטאָרען בעטייליגען זיך נישט אין די זיצונגען פון׳ם קאָנגרעס.

דעריבער, נישט קוקענדיג אויפ'ן שטאַרקען דעמאָקראַטיזם פֿון די אַנשטאַלטען, קאָן מען נישט זאָגען, אַז אין אַמעריקאַ רעגירט דאָס פּאַרלאַמענט, דען די רעגירונג פֿון דער רעפּובליק איז אונאַבהענגיג אין איהר אַרבייט פֿון די געזעצגעבער. דאָ דיענט אֲפִילוּ די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע גאַנץ גוט און רופֿט נישט אַרויס קיין צוזאַמענשטויס צווישען די מאַכטען. אָבער אין דָרום-אַמעריקאַ, אין די מְלוּכוֹת פֿון ראָמאַנישע פֿעלקער*), וואו די בעפֿעלקערונג איז נישט אַזוי קולטורעל און דיסציפּלינירט, ווי די ענגליש-זאַקסען, אַרבייט שוין דיזעלבע אָרדנונג נישט ווי געהעריג. די אונמעגליכקייט אויסצוגלייכען די פֿערשיעדענע מאַכטען, אונטערוואַרפֿענדיג זיי אונטער איין מאַכט (פֿון פּאַרלאַמענט), פֿיהרט אין די דָרום'דיגע רעפּובליקען צו אָפֿטע צוזאַמענשטויסען: די פּרעזידענטען נעהמען זיך אַלע מאָל אַ דעספּאָטישע מאַכט, און דאָס פֿאָלק מוז זיי אַרונטער וואַרפֿען דורך בונטען און רעוואָלוציעס.

צום שלוס דאַרפֿען מיר נאָך דערמאָנען, אַז אין די איינצעלנע רעפּובליקען פֿון די שטאַטען אין צָפוֹן-אַמעריקאַ ווערען די קאָנסטיטוציעס בעשטעטיגט פֿון פֿאָלק גוּפָא מיט דער הילף פֿון אַנ'אָבשטימונג. דאָס דאָזיגע עכט-דעמאָקראַטישע פּרינציפּ פֿערשפּרייט זיך דאָרט ביסלעכווייז אויף די געוועהנליכע געזעצען אויך. אַזאַ מִנְהָג איז פֿערבליבען נאָך פֿון די אַלטע צייטען, ווען די שטאַטען זענען געווען ענגלישע קאָלאָניען. אין די בונדעס-קאָנסטיטוציע איז ער אָבער נישט אַריין. דעריבער וועלען מיר פֿון איהם רעדען ווייטער. ווען מיר וועלען בעטראַכטען די שטאַטס-אָרדנונג פֿון שווייץ, וואו ער האָט זיך ענטוויקעלט און שטאַרק פֿערברייטעט אונטער'ן נאָמען „רעפֿערענדום“.

אונז בלייבט נאָך אָנצווייזען, אַז אין מאַנכע איינצעלנע שטאַטען פֿון אַמעריקאַ האָבען אויך פֿרויען דאָס שטימרעכט, וואָס דאַדורך זענען זיי שוין מְמִילָא אַנערקאַנט פֿאַר ווירקליכע בירגער פֿון לאַנד. די שטאַטען הייסען: וואַיאָמינג, קאָלאָראַדאָ, אוטאַ און נעוואַדאַ.

## IV.

שווייץ איז אויך אַזאַ בונדעס-שטאַט (פֿעדעראַציע), ווי אַמעריקאַ, נאָר אַלע איהרע אַנשטאַלטען זענען דורכדרונגען מיט דער אידעע, אַז

*) שפּאַניער און פּאָרטוגעזער.

די מאַכט געהערט נאָר דעם פֿאָלק אַליין, און דאָס פֿאָלק אַליין איז זיין אייגענער הערשער. אַזאַ אידעע טראָגט אויף זיך דעם נאָמען דעמאָקראַטיע. ווי עס פּאַסט פֿאַר אַנ׳עכטע דעמאָקראַטיע, וואו די אויבערמאַכט געהערט צו׳ם פֿאָלק אַליין, ווייס די שווייצערישע קאָנסטיטוציע גאָר אינגאַנצען נישט פֿון קיין ראש, קיין אויבערשטען איבער׳ן שטאַט. איהרע העכסטע אַנשטאַלטען זענען: 1) די בונדעס-פֿערזאַמלונג — דאָסזעלבע וואָס דער קאָנגרעס אין אַמעריקאַ, 2) דער בונדעס-ראַט — דאָס שווייצערישע מיניסטאָרען-קאָמיטעט, און 3) דאָס בונדעס-געריכט. די בונדעס-פֿערזאַמלונג בעשטעהט פֿון צוויי קאַמערען: פֿון נאַציאָנאַל-ראַט, וואָס איז דער פֿאָרשטעהער פֿון גאַנצען שווייצערישען פֿאָלק, און פֿון קאַנטאָנאַל-ראַט — אַ גלייכען צו׳ם אַמעריקאַנער סענאַט, — וואוהין יעדער קאַנטאָן *) שיקט צוויי פֿאָרשטעהער. נאָר דאָ איז די פֿעדעראַטיווע ראָלע פֿון קאַנטאָנאַל-ראַט נאָך אַ גרעסערע ווי אין אַמעריקאַ. דען דער סדר און אפילו דער טערמין פֿון זיינע וואַהלען זענען אין דער בונדעס-קאָנסטיטוציע נישט בעשטימט און הענגען אָב אויסשליעסליך פֿון די קאַנטאָנען. צוריק ווידער, די מיטגליעדער פֿון קאַנטאָנאַל-ראַט, ווי די סענאַטאָרען אין אַמעריקאַ, בעקומען נישט פֿון די קאַנטאָנען קיין פֿולמאַכטען מיט בעשטימטע אינסטרוקציעס (אימפּעראַטיווע מאַנדאַטען). די מיטגליעדער פֿון נאַציאָנאַל-ראַט ווערען אויסגעקליבען אויף דריי יאָהר דורך אַנ׳אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע און געהיימע אָבשטימונג. דאָס געזעצליכע וואַהל-עלטער איז — 20 יאָהר. גייסטליכע קאָנען נישט געוועהלט ווערען. די פֿאָרשטעהער אין ביידע ראַטהייזער בעקומען געהאַלט.

בעזונדערס צייכענט זיך שווייץ אויס מיט דער אָרגאַניזאַציע פֿון איהר אַדמיניסטראַטיווער מאַכט, וואָס געהערט דעם בונדעס-ראַט. דער לעצטער בעשטעהט פֿון זיבען מיטגליעדער, וואָס ווערען געוועהלט אויף אַ זיצונג פֿון ביידע געזעצגעבענדע ראַטהייזער צוזאַמען. די מיטגליעדער פֿון בונדעס-ראַט צעטיילען צווישען זיך די פֿערוואַלטונגען פֿון דער לאַנדס-רעגיערונג און קלייבען אויס יעדעס יאָהר פֿון צווישען זיך אַ פּרעזידענט און אַ וויצע-פּרעזידענט פֿאַר׳ן בונדעס-ראַט. איין מענש קאָן נישט זיין פּרעזידענט צוויי יאָהר נאָכאיינאַנד. דער פּרעזידענט

*) די שווייצערישע קאַנטאָנען זענען דאָס אייגענע, וואָס די אַמעריקאַנישע שטאַטען.

פֿוּן בּוּנדעֶס-ראַט פֿעֶרהאַנדעֶלט אִין נאָמעֶן פֿוּן שווייצעֶרִישעֶן בּוּנד מִיט אַנדעֶרעֶ רעֶגִירוּנגעֶן, נאָר עֶר רעֶכעֶנט זִיךְ נִישט פֿאַר'ן פּרעֶזִידעֶנט פֿוּן לאַנד און האָט נִישט קֵיינעֶ בּעֶזוּנדעֶרעֶ מאַכט. דִי מִיטגלִיעדעֶר פֿוּן בּוּנדעֶס-ראַט זעֶנעֶן נִישט אָבּהעֶנגִיג פֿוּן דעֶר געֶזעֶצגעֶבּעֶנדעֶר פֿעֶרזאַמלוּנג און זעֶנעֶן נִישט מְחוּיָב אִיהר אָבּצוּגעֶבּעֶן דִין וְחֶשְׁבּוֹן; און געֶצוואוּנגעֶן צוּ פֿעֶרלאָזעֶן זֵייעֶרעֶ שטעֶלעֶן זעֶנעֶן זֵיי נאָר דאַן, ווען דאָס געֶרִיכט לעֶגט אַרוֹיף אַ שטראָף אוֹיף עֶמִיצעֶן פֿוּן זֵיי.

דאָס בּוּנדעֶס-געֶרִיכט אִיז אָרגאַנִיזִירט אוֹיךְ נִישט אַזוֹי, ווִי אִין אַנדעֶרעֶ לעֶנדעֶר. עֶס בּעֶשטעֶהט פֿוּן 9 מִיטגלִיעדעֶר, וואָס דִי בּוּנדעֶס-פֿעֶרזאַמלוּנג קלֵייבּט זֵיי אוֹיס אוֹיף 6 יאָהר פֿוּן אַלעֶ בּירגעֶר פֿוּן בּוּנד, וואָס זעֶנעֶן נִישט יוּנגעֶר פֿוּן 20 יאָהר. אָבּשאַפֿעֶן זֵיי פֿאַר דעֶר צֵייט קאָן מעֶן נִישט. דאָס בּוּנדעֶס-געֶרִיכט בּעֶהאַנדעֶלט אַלעֶ צִיווִיל-פּראָצעֶסעֶן, אִין וועֶלכעֶ דעֶר בּוּנד אָדעֶר דִי קאַנטאָנעֶן זעֶנעֶן אֵיינעֶר פֿוּן דִי צְדָדִים, און קרִימִינעֶל-פּראָצעֶסעֶן ווענעֶן בּרעֶכעֶן דִי טרֵייקֵייט, אָדעֶר אַ ווִידעֶרשטאַנד (מְרִידָה) געֶגעֶן בּוּנד; דאָסזעֶלבּעֶ געֶרִיכט זאָגט אַרוֹיס זַיין פְּסַק־דִין בּיי אַ צוּזאַמעֶנשטוֹיס צווִישעֶן דעֶר פֿעֶדעֶראַטִיווע און דִי קאַנטאָנאַלעֶ מאַכטעֶן, און אוֹיךְ דעֶמאָלסט, ווען דִי לעֶצטעֶ האָבּעֶן אָנגעֶרִיהרט דִי רעֶכטעֶן פֿוּן דִי בּירגעֶר.

שוֹין פֿוּן אַזאַ קוּרצעֶר אִיבּעֶרזִיכט פֿוּן דִי בּוּנדעֶס-אַנשטאַלטעֶן קאָן מעֶן בּעֶמעֶרקעֶן דעֶם וואוּנש אֵיינצוּאָרדנעֶן זֵיי אוֹיפֿ'ן העֶכסט-דעֶמאָקראַטִישעֶן אוֹפֶן; דאָס וואַהל-עֶלטעֶר אִיז קלעֶנעֶר; דִי רִיכטעֶר ווערעֶן געֶוועֶהלט, און זֵייעֶרעֶ פֿוּלמאַכטעֶן זעֶנעֶן נִישט קֵיין שטעֶנדִיגעֶ נאָר אוֹיף אַ טעֶרמִין; דִי געֶוועֶהלטעֶ פִֿיהרעֶר פֿוּן דעֶר אַדמִינִיסטראַצִיעֶ געֶפִֿינעֶן זִיךְ אִין אַ גלֵייכעֶר לאַגעֶ מִיט אַלעֶ אַנדעֶרעֶ מאַכטעֶן, נאָר זֵיי האָבּעֶן נִישט דעֶם גלאַנץ פֿוּן אַ ראֹאש אִיבּעֶר'ן שטאַט. נאָר אַ פֿוּלשטעֶנדִיג דעֶמאָקראַטִישעֶן האַראַקטעֶר בּעֶקוּמט שווייץ בּעֶזוּנדעֶרס צוּלִיעבּ דעֶם, וואָס אִין אִיהר אִיז אֵיינגעֶפִֿיהרט דִי דִירעֶקטעֶ העֶרשאַפֿט פֿוּנ'ם פֿאָלק. אִין דִי אִיבּרִיגעֶ אֵייראָפּעֶאִישעֶ לעֶנדעֶר העֶרשט אַ פֿעֶרטרעֶטוּנגס-פֿעֶרוואַלטוּנג. בּיי וועֶלכעֶר דעֶר סוּווערעֶן, דאָס פֿאָלק, גִיעט אִיבּעֶר זַיין מאַכט צוּ זַיינעֶ בּעֶפֿוּלמעֶכטִיגטעֶ, ד. ה. דאָס פֿאָלק רעֶגִירט נִישט דִירעֶקט נאָר דוּרךְ זַיינעֶ פֿעֶרטרעֶטעֶר. שווייץ אָבּעֶר ווייסט פֿוּן אַ דִירעֶקטעֶר פֿאָלקס-העֶרשאַפֿט אָהן פֿעֶרמִיטלעֶר, און דאָס דרִיקט זִיךְ אוֹיס אִין צוויי פֿאָרמעֶן: אִין דעֶר פֿאָרם פֿוּן אַ פֿאָלקס-פֿעֶרזאַמלוּנג.

וועלכע איז פערבליבען ביז איצטער בלויז אין 4 שווייצערישע קאנטאנען, און אין דער פארם פון רעפערענדום אדער פאלקס-אבשטימונג, וואס איז איינגעפיהרט אין אלע איבריגע קאנטאנען, אויסער פרייבורג.

א פאלקס-פערזאמלונג אויפ׳ן גראז-גרינעם פעלד, אונטער׳ן העל-בלויען פריהלינגס-הימעל, געגענאיבער די הויכע בערג, — אט די בעשירמער פון דער שווייצערישער פרייהייט, — איז דאס שענסטע און פולקאמענסטע בילד פון א דעמאקראטיע. אט אזוי ענטציקט, רעקאמענדירט עס יעדערער, ווער עס האט געהאט דאס גליק צו זעהן אט די קעניגליך-הערליכע פערזאמלונג פון פרייע בירגער, וואס זענען זיך צונויפגעקומען צו ארבייטען פאר׳ן כלל. אזעלכע פערזאמלונגען האבען וואטירט געזעצען, געמאכט אלגעמיינע פעראָרדנונגען, געקליבען בעאמטע. און דאך, נישט קוקענדיג אויף די שענקייט פון אזעלכע בילדער, האבען די פאלקס-פערזאמלונגען שוין אבגעלעבט זייער צייט אין שווייץ אויך. צוליעב דעם וואקסען פון דער בעפעלקערונג, ווערען די אונבעקוועם; אויף אזעלכע גרויסע פערזאמלונגען ווערט שוין אונ־מעגליך די געזעץ-פראיעקטען ארומצורעדען, און דאן מוזען די בירגער (ווי עס קומט פאר אין דעם האלב-קאנטאן אפענצעל-אויסער-ראָדען) זיך בעגנוגען מיט אנ׳אבשטימונג אהן וכוחים (דעבאטען) איבער די פראגען, וואס ווערען פאראויס אבגעדרוקט אויף צעטלעך און ווערען פערשפרייט צווישען דער פערזאמלונג.

אבער וויבאלד עס ווערט קלאר, אז עס איז נישט נויטיג צונויפ־צוקלייבען זיך אין איין ארט, דען עס איז פיעל לייכטער אבצושטימען אין די געמיינדען מיט דער הילף פון צעטלען (ליסטען), פון וועלכע מען קאן נאכ׳ן צעהלען געוואהר ווערען די מיינונג פונ׳ם פאלק,— ערשיינט דאן אויף דער סצענע דאס רעפערענדום. וואס פארנעהמט ביסלעכווייז דעם פלאץ פון די פאלקספערזאמלונגען; אט אזוי האט מען זיי אין יאהר 1848 אבגעשאפט אין קאנטאן צוג און אנד. און אנשטאט פאלקס-פערזאמלונגען האט מען איינגעפיהרט דאס רע־פערענדום.

דער עצם פון דעם רעפערענדום בעשטעהט דערין, דאס די נייע געזעצען דארפען בעשטעטיגט ווערען פונ׳ם פאלק גופא. עס עקזיסטירען צוויי פארמען פון רעפערענדומס: א הויב-רעפערענדום,

וועֶן אַלֶע נײַעֶ געֶזעֶצעֶן מוזעֶן דורכאויס פֿאָרגעֶלעֶגט וועֶרעֶן דעֶם פֿאָלק צום בעֶשטעֶטיגעֶן, אין אַ פֿאַקולטאַטיווועֶס (ניִשט קײַן הוב) רעֶפֿעֶרעֶנדום, לויט וועֶלכעֶן אַ נײַעֶס געֶזעֶץ דאַרף אָבגעֶשטימט וועֶרעֶן דאַן, ווען די געֶזעֶצגעֶבעֶנדעֶ פֿעֶרזאַמלונג געֶפֿינט עֶס פֿאַר נויטיג אָדעֶר ווען אַ בעֶשטימטעֶ צאָהל בירגעֶר פֿאָדעֶרט עֶס.

צו'ם עֶרשטעֶן מאָל האָט מעֶן בעֶנוצט דיִ פֿאָלקס-אָבשטימונג בײַם בעֶשטעֶטיגעֶן די שווייצעֶרישעֶ קאָנסטיטוציעֶ פֿון 1802-טעֶן יאָהר. אַלס אַ בעֶשטעֶנדיגעֶ רעֶגעֶל איז די אײַנגעֶפֿיהרט געֶוואָרעֶן אין 1831-טעֶן יאָהר אין קאַנטאָן סעֶנט-גאַלעֶן אין דעֶר פֿאָרם פֿון אַ פֿאָלקס-„וועֶטאָ“ (נײַן-וואָרט). די בירגעֶר פֿון סעֶנט-גאַלעֶן האָבעֶן בעֶקומעֶן דאָס רעֶכט אַרומצורעֶדעֶן געֶזעֶצעֶן, וואָס די געֶזעֶצגעֶבעֶנדעֶ פֿעֶרזאַמלונג האָט זיי אָנגעֶנומעֶן, און אָבשטויסעֶן (אַרויפֿלעֶגעֶן זייעֶר וועֶטאָ, נײַן-וואָרט) יעֶנעֶ פֿון זיי, אויף וועֶלכעֶ די בירגעֶר זעֶנעֶן ניִשט מסכּים. שפּעֶטעֶר איז דאָס וועֶטאָ אײַנגעֶפֿיהרט געֶוואָרעֶן אויך אין אַנדעֶרעֶ קאַנטאָנעֶן.

זײַן נאָמעֶן האָט דאָס רעֶפֿעֶרעֶנדום איבעֶרגעֶנומעֶן פֿון אַנ'אַלטעֶן מנהג, וואָס האָט געֶהעֶרשט אין XVI יאָהרהונדעֶרט אין די קאַנטאָנעֶן גרויבינדעֶן און וואַליס: די בעֶשלוסעֶן, וואָס זעֶנעֶן אָנגעֶנומעֶן געֶוואָרעֶן אויף די צוזאַמעֶנפֿאָהרעֶן פֿון די געֶמײַנדעֶן-פֿעֶרטרעֶטעֶר, פֿלעֶגעֶן נאָכדעֶם איבעֶרגעֶגעֶבעֶן וועֶרעֶן צו די געֶמײַנדעֶן גופא „אויסצוהעֶרעֶן און צו בעֶשטעֶטיגעֶן“ (audiendum et referendum). אויך האָט מעֶן זיך געֶהאַלטעֶן בײַ אַזאַ סדר אין בונד פֿון די שווייצעֶר-קאַנטאָנעֶן פֿון 1815-טעֶן ביז 1848-טעֶן יאָהר; אין וויכטיגעֶ פֿאַלעֶן פֿלעֶגט מעֶן די החלטות פֿון די קאַנטאָן-דעֶלעֶגאַטעֶן איבעֶרגעֶבעֶן צו'ם בעֶשטעֶטיגעֶן אין קאַנטאָנאַל-פֿעֶרזאַמלונגעֶן. דאָס רעֶפֿעֶרעֶנדום, הייסט עֶס, איז געֶוועֶן אַ מין הפך פֿון דעֶם וועֶטאָ, דעֶן דאָס עֶרשטעֶ איז אַ פֿאָרם צו בעֶשטעֶטיגעֶן אַ פּראָיעֶקט, דאָס צווייטעֶ — אָבצושטויסעֶן. אין דעֶר ווירקליכקייט אָבעֶר עֶנטהאַלט דאָס רעֶפֿעֶרעֶנדום אין זיך דאָס וועֶטאָ-רעֶכט אויך, דעֶן ניִשט בעֶשטעֶטיגעֶן אַ געֶזעֶץ איז דאָס אײגעֶנעֶ ווי אָבשטויסעֶן דאָס.

אין 1845-טעֶן יאָהר האָט דעֶר קאַנטאָן וואַאַדט אָנגעֶנומעֶן אַ פֿאַקולטאַטיווועֶס (ניִשט-הוב) רעֶפֿעֶרעֶנדום, וואָס קאָן אָנגעֶווענדט וועֶרעֶן צו יעֶדעֶן געֶזעֶץ, אויב דעֶר גרויסעֶר ראַט (די געֶזעֶצגעֶבעֶנדעֶ

פערזאמלונג פון שטאט) געפינט עס פאר נויטיג. דערנאך האט זיך דאס רעפערענדום אין פערשיעדענע געשטאלטען פערשפרייט איבער גאנץ שווייץ.

האטש דאס רעפערענדום שפיעלט א גרעסערע ראלע אין די געזעצגעבונגען פון די קאנטאנען, נאר ביסלעכווייז וואקסט עס זיך פאנאנדער אין דעם בונד גופא אויך. צוערשט איז דא אנגענומען געווארען דאס פאקולטאטיווע רעפערענדום: לויט דעם פערלאנג פון פאלק, אדער פון דער בונדעס-פערזאמלונג קאן יעדעס געזעצפראיעקט, וואס די פערזאמלונג האט דאס אנגענומען, אבגעשטימט ווערען פון גאנצען פאלק, וועלכעס בעשטעטיגט עס אדער געהמט דאס נישט אן. „לויט דעם פערלאנג פון פאלק". — דאס הייסט, ווען דאס פאדערען 30.000 בירגער אדער דריי קאנטאנען. די אבשטימונג קומט פאר אין די געמיינדען מיט דער הילף פון געוויסע צעטלען, און די אריגינעלע פראטאקאלען (ד. ה. דעם סכום פון די צוגויפגעקליבענע צעטלען) פון דער אבשטימונג שיקט מען אב אין בונדעס-ראט. דעם 5-טען יולי 1891-טען יאהר האט דאס שווייצערישע פאלק מיט א מעהר־הייט פון 168.308 שטימען געגען 116.824 אנגענומען א ניי געזעץ, לויט וועלכען דאס פאלק בעקומט דאס רעכט פארצולעגען געזעצען (געזעצגעבענדע איניציאטיווע, אדער מאכען א התחלה פון א געזעץ פראיעקט), ווי אויך צו פאדערן, אז מען זאל איבערקוקען און ענדערן די קאנסטיטוציע.

אויב די קאנטאנאל- און נאציאנאל-ראטען קאנען זיך נישט אויסגלייכען בנוגע צו דער דאזיגער פראגע, מאכט מען איבער דעם א פאלקס-אבשטימונג. אויב דאס פאלק בעשליעסט צו ענדערן די קאנסטיטוציע, לאזט מען פאנאנדער ביידע ראטהייזער, מען קלייבט אויס נייע דעפוטאטען, און זיי ארבייטען שוין אויס דאס פראיעקט פון די ענדערונגען, וועלכעס ווערט ווידער אבגעשטימט דורך דאס פאלק. 50.000 בירגער קאנען פאדערן, מען זאל מאכען אזא אבשטימונג, אפילו ווען ביידע ראטהייזער זענען אין דער פראגע איינשטימיג: נאך מעהר, אזא צאהל בירגער קאן אפילו אליין פאדערן מען זאל ענדערן די קאנסטיטוציע. דאס דאזיגע רעכט פון פאלקס-איניציאטיווע איז ביסלעכווייז אויסגעוואקסען פון דעם רעכט צו דערלאנגען אין די געזעצגעבענדע פערזאמלונג פערשיעדענע פעטיציעס (בקשות.

שְׁתַּדְלָנוּת). די איניציאַטאָרען מעגען פֿאָרלעגען זייער אייגענעם געזעצפּראָיעקט, און עס ווערט גלייך געמאַכט אַנ'אָבּשטימונג וועגען דעם. אָנגענומען ווערט דאָס געזעץ דאַן, ווען עס בּעקומט פֿאַר זיך אַ מעהרהייט פֿון פֿאָלק און פֿון די קאַנטאָנען. ד. ה. די מעהרהייט שטימען אין דעם גרעסטען טייל קאַנטאָנען.

עס איז קיין סָפֵק נישט, אַז די אידעע פֿון פֿאָלקס-רעגירונג ווערט פֿערקערפּערט אויסדריקליכער פֿון אַלעם אין אַ פֿאָלקס-פֿערזאַמלונג, דען זי ענטוויקעלט אַם שטאַרקסטען דאָס געפֿיהל פֿון אַחְדוּת צווישען די פֿרייע בּירגער: דערפֿאַר אָבּער שאַפֿט דאָס רעפֿערענדום אַזאַ פֿאָרם פֿון פֿאָלקס-הערשאַפֿט, וואָס מען קאָן זי אָנווענדען אֲפִילוּ צו דער גרעסטער מְלוּכָה. פּאָסט, בּאַהנען, טעלעגראַפֿען און טעלעפֿאָן ווי אויך צייטונגען און בּיכער, וועלכע מאַכען בּעקאַנט דאָס פֿאָלק מיט אַלעם, וואָס קומט פֿאָר אויף די געזעצגעבּענדע פֿערזאַמלונגען פֿון די דעפּוטאַטען, — גאַראַנטירען גאַנץ גענוג די בּעוואוסטזיניגקייט פֿון דער אָבּשטימונג און ערלויבּען צונויפֿצוקלייבּען לייכט די שטימען פֿון די בּירגער. נאָך מעהר, עס איז צו גלויבּען, אַז אויף אַ פֿערזאַמלונג, וואו די מאַסע ווערט לייכט אויפֿגערעגט, איז שווערער צו בּעקומען אַזאַ רוהיגע און בּעקלערטע מיינונג פֿונ'ם לאַנד, ווי די, וועלכע דאָס רעפֿערענדום איז אימשטאַנד צו שאַפֿען.

און דאָך זעהען מיר, אַז פֿיעלע געלעהרטע זאָגען זיך אַרויס געגען דעם רעפֿערענדום. מען טַעֲנה'ט, צום בּיישפּיעל, אַז אַ מין-הויב רעפֿערענדום. ד. ה. ווען אַלע געזעצען ווערען אָבּגעשטימט דורך די בּירגער, קאָסט צו טייער און איז שווער פֿאַר דאָס פֿאָלק. דאָס אַלעס אָבּער איז ריכטיג נאָר דאָרט, וואו דאָס רעפֿערענדום איז שלעכט איינגעאָרדענט. מען קאָן מאַכען די אָבּשטימונגען אין בּעשטימטע טערמינען, נישט זעהר אָפֿט איינע נאָך דער צווייטער, — און דאַן איז שוין גאָר נישט צום פֿערשטעהן, וואָס איז דאָ אַזוי שווער איין מאָל אין דריי אָדער אין זעקס מאָנאַטען זיך אַריינצוכאַפּען אין אָבּשטימונגס-הויז און אוועקשטעלען אַ „יאָ“ אָדער אַ „ניין“ געגען די פֿראַגען, וואָס זענען אויף די צעטלען פֿערצייכענט?..

מען זאָגט נאָך, אויסערדעם, אַז נישט אַלע פֿראַגען אינטערעסירען דאָס גאַנצע פֿאָלק, און אַז מאַנכע געזעצען בּעריהרען נאָר ריין-טעכנישע פֿראַגען, וואָס נישט יעדער בּירגער פֿערשטעהט זיי. דאָס

הײסט אָבער גאָר געפֿרעגט נישט צו דער זאַך. דער הױפּט רעפֿערענדום בעטײַט דאָך בלױז, אַז יעדעס געזעץ מוז געשטעלט װערען צו דער אָבשטימונג, אָבער נישט יעדער בירגער מוז געבען זײַן שטים. װאָס אַנבעלאַנגט צו טעכנישע פֿראַגען, שפּיעלען זײ דאָך נישט קײן װיכטיגע ראָלע. און דעריבער שאַדט נישט, אויב דער בירגער װעט אָדער גאָר אינגאַנצען נישט אָבשטימען איבער זײ, אָדער ער װעט אין אַזאַ פֿאַל צו שטעהן צו דער מײנונג פֿון זײַנע פֿאָרשטעהער אין פּאַרלאַמענט. סוף כּל סוף זענען דאָך די דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט אױך נישט קײן ספּעציאַליסטען אין אַלע מעגליכע פֿראַגען, הײַן דעם, מיט קלײנע טעכנישע נאָרמען בעשעפֿטיגען זיך גאָר נישט מעהרסטענטײלס די געזעצען, נאָר די פֿעראָרדנונגען פֿון דער אַדמיניסטראַציע.

אַביסעל גרינדליכער, קאָן זיך אױסדאַכטען, איז די טענה, אַז דאָס רעפֿערענדום שװאַכט כּלומר'שט אָב די ענערגיע פֿון די דעפּוטאַטען, װײַל זײ װײסען, אַז דאָס לעצטע װאָרט בײַ דער געזעצגעבונג געהערט נישט צו זײ. פֿון דעסטװעגען זעהען מיר, אַז די פֿאָרשטעהער פֿון דער פּרעסע, די זשורנאַליסטען, פֿערליערען נישט דעם חשק ארומצורעדען די געזעצען, האָטש זײער שטימע האָט קײנמאָל נישט קײן בעשליסענדע קראַפֿט. די דעפּוטאַטען אָבער װײסען דאָך, אַז יעדענפֿאַלס װעט זײער מײנונג האָבען אַ גרױסע װירקונג אױף זײערע װעהלער. און, ענדליך. בײַ אַ פֿאַקולטאַטיװען (נישט הױב) רעפֿערענדום װערען די אַלע קשיות צו נישט, דען דעמאָלט שטעלט מען צו דער אָבשטימונג בלױז געװיסע פֿראַגען, װאָס זענען װיכטיג און אינטערעסאַנט פֿאַר אַלעמען. בעת דעם גרעסטען טײל פּסק'ענען די דעפּוטאַטען אַלײן.

געגען דאָס פֿאַקולטאַטיװע רעפֿערענדום טענה'עט מען װידער, אַז עס ברעכט-אונטער דעם געװעהנליכען, רעגעלמעסיגען גאַנג פֿון דער געזעצגעבונג, רופֿט אַרױס אַנ'אַגיטאַציע און אַ יאָגעניש נאָך שטימען, און דאָס היצט-אױף דאָס פֿאָלק און צוטײלט די בירגער אונגאַטירליך אין פּאַרטײען, נישט נאָך זײערע װירקליכע, בעשטענדיגע מײנונגען. אַלס רעזולטאַט. הײסט עס, בעקומען מיר אַ בעשלוס, װאָס שטימט נישט װי מיט'ן װאונש, אַזױ אױך נישט מיט'ן װאָהלשטאַנד פֿון פֿאָלק. אָבער די געשיכטע פֿון שװײצערישען רעפֿערענדום בעשטעטיגט נישט די דאָזיגע מײנונג. פֿערקעהרט, דאָרט האָט דאָס פֿאָלק

שטענדיג געשטימט זעהר בעקלערט און געלאַסען. מען קאָן זאָגען —
שוין צו פֿאַרזיכטיג, דען בכלל נעהמען די שווייצער אָן נייע אויפֿ=
טהועכצען זעהר לאַנגזאַם און זענען געניגט אָבצוהיטען זייערע אַלטע
פֿיהרונגען און מנהגים. אָבער ווי באַלד דער קאָנסערוואַטיזם (דער צו=
בונד צו אַלטע דרכים) ליעגט אין דעם ווילען פֿונ'ם פֿאָלק גופֿא
קאָן מען צו איהם קיין טענות נישט האָבען. „דאָס פֿאָלק איז אַ קייזער",
זאָגט מען אין שווייץ, אָבער נישט קיין דעספּאָט, וואָס דער אַלטער
העראָדאָט *) שילדערט איהם מיט די ווערטער: „ער ברעכט די
מנהגים פֿון לאַנד, איז מאַנס פֿרויען און טויט די בירגער אָהן דין און
משפּט". דאָס פֿאָלק פֿערקעהרט, היט אָב זיינע מנהגים און טהוט
קיינמאָל זיך זעלבסט נישט אָן קיין שלעכטס.

צו'ם רעפֿערענדום האָט מען נישט קיין צוטרויען אַביסעל צו=
ליעב דער מיינונג, אַז דאָס פֿאָלק איז נאָך נישט דערוואַקסען אויף צו
פֿיהרען אַליין זיינע געשעפֿטען, אַביסעל צוליעב דער אונגעלונגענער
פּראָבע, וואָס פֿראַנקרייך האָט געמאַכט. מען דאַרף אָבער נישט פֿער=
געסען, אַז פֿראַנקרייך האָט בענוצט פּלעביסציטען **) אין מאָמענטען
פֿון גרויסע פֿאָלקס-אונרוהען, און אַז איהר מאָדערנע (נייערע) געשיכטע
האָט זיך נישט ענטוויקעלט רעגעלמעסיג און נאַטירליך, נאָר זי האָט
געמאַכט איין קאָנוואולסיווען שפּרונג נאָכ'ן צווייטען, צוליעב דעם אונגע=
היייערן דרוק, וואָס דאָס לאַנד איז פֿריהער אויסגעשטאַנען. גאַנץ ריכ=
טיג איז די בעמערקונג, וואָס מען האָט געמאַכט אין פֿראַנצויזישען
פּאַרלאַמענט: „דאָס וואָס די אימפּעריע האָט אויסגענוצט צו'ם שלעכ=
טען דעם פּלעביסציט, — דאָס רעכט זיך צו ווענדען צו'ם פֿאָלק, —
איז נאָך גאָר קיין בעווייז נישט, אַז מען דאַרף אינגאַנצען אויפֿהערען
מיט דעם רעכט זיך צו בענוצען". דעריבער קאָן מען איינשטימען נאָר
מיט דער מיינונג, אַז אַ לאַנד, אין וועלכען דאָס גאַנצע פּאָליטישע
לעבען איז אַ לאַנגע צייט בעשטאַנען בלויז אין אונטערדריקען דאָס
פֿאָלק און וואו אַ קליינע גרופּע האָט געוועלטיגט איבער מענשען אין
זייערע אינטערעסען, — אַז אַזאַ לאַנד קאָן נישט גלייך איבערגעהן צו'ם
רעפֿערענדום. ווי עס שיינט, איז דאָס בעסטע פֿאַר אַזאַ לאַנד אַ פּאַר=

*) אַניאַלט-גריכישער היסטאָריקער. האָט געלעבט אין V יאָהרהונדערט
פֿאַר קריסטוס געבורט.

**) פֿאָלקס-אָבשטימונגען.

לאַמענטאַרישע רעגירונג. וואָס גיט אַ גענוגע מעגליכקייט צו פֿערטרעטען די פֿאָלקס-אינטערעסען און שטענדיג צו קאָנטראָלירען די אַדמיניסטראַציע, וואָס פֿריהער איז איהר טהעטיגקייט נאָר בעשטאַנען דערין די בירגער שטאַרק צו אונטערדריקען. אַזאַ קאָנטראָל, וואָס ווערט בעגלייט פֿון אָפֿטע אָנפֿראַגען און דעבאַטען (וִכּוּחִים) אין פּאַרלאַמענט מאַכט אויפ'ן בעסטען אופֿן קלאָר דעם בירגער דעם ענין פֿון דער שטאַטס-מאַכט, איהרע אויפֿגאַבען און גרעניצען. און דאָס איז די בעסטע פּאָליטישע שולע פֿאַר דאָס פֿאָלק בײַ'ם איבערגאַנג פֿון אַ דעספּאָטיע צו אַ דירעקטער פֿאָלקס-רעגירונג (דעמאָקראַטיע).

דאָס רעפֿערענדום אָבער האָט פֿאַר זיך אַ גרויסע צוקונפֿט אין די קולטורעלע און פּאָליטיש-דערוואַקסענע לענדער. אָהן איהם איז אַ ווירקליך-דעמאָקראַטישע פֿיהרונג אונמעגליך. בײַ אַ רעפֿערענדום ווערען גאַנץ איבריג אַזעלכע קינסטליכע סיסטעמען, ווי אַ צוויי-קאַמערן-פֿערטרעטונג, אום די בעשליסען זאָלען זײַן פֿעסטער און בעקלערטער. דאָ איז דאָס פֿאָלק זעלבסט אַ מין צווייטע קאַמער, וואָס גיט דעם לעצטען ענטפֿער אויף פֿערשידענע פֿראַגען, און דאָס דעפּוטאַטענהויז ווערט ווי פֿערוואַנדעלט אין אַ געוועהלטע קאָמיסיע פֿאַר צובערייטען און צו בעאַרבייטען געזעצפּראָיעקטען פֿאַר דאָס פֿאָלק (וועניגסטענס, וואָס אַנבעלאַנגט צו די וויכטיגסטע פּרינציפּיעלע פֿראַגען). האַלטען זיך בײַ'ם צוויי-קאַמערן-סיסטעם דאָרט, וואו עס גילט דאָס רעפֿערענדום, ווי עס קומט פֿאָר אין דער שווייצערישער פֿעדעראַציע און אין איינִיגע איהרע קאַנטאָנען, — איז אונלאָגיש און די ווײַטערע געזעצגעבונג וועט דאָס געוויס אָבשאַפֿען.

אֲפִילוּ די געגנער פֿונ'ם רעפֿערענדום זענען מוֹדֶה, אַז דאָס פֿאָלק אין שווייץ פֿיהרט זיך מיט גרויס מְתִינוּת. איז ווײַט פֿון דעם צו פֿערלאַנגען צו ווײַטע רעפֿאָרמען און בעגעהט זיך בַּעַל-הַבַּיִת'יש און עקאָנאָמיש מיט די געלדמיטלען פֿון שטאַאַט (מיט געלד פֿון קאַזנאַ).

און מערקווירדיג: דאָס שווייצערישע שטאַטס-סיסטעם אַרבייט אויסגעצייכענט, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די בעפֿעלקערונג בעשטעהט פֿון פֿערשידענע נאַציאָנאַליטעטען: דײַטשען, פֿראַנצויזען און איטאַליענער. זיי אַלע האַלטען שווייץ פֿאַר זייער פֿאָטערלאַנד און האָבען קיין שום חֵשֶׁק נישט צו פֿעראייניגען זיך מיט אַ וועלכער עס איז גרויסער מְלוּכָה פֿון זייער אייגענער נאַציאָנאַליטעט. דאָס געפֿיהל

פֿון אַחְדות צווישען שווייצערישען פֿאָלק פֿערשטאַרקט זיך אַלץ מעהר, און עס דריקט זיך אויס אין דעם. דאָס די גענוויסטע פֿונ'ם בונד נעהמט מיט יעדען מאָל אַרום אַלץ מעהר פֿראַגען, וואָס איבער זיי האָבען צו זאָגען אַ דֵעה די געזעצגעבונגען פֿון די בעזונדערע קאַנטאָנען.

די שווייצערישע קאָנסטיטוציע, וואָס איז אין גאַנצען דורכדרונגען מיט'ן גייסט פֿון אַ דעמאָקראַטיע, גאַראַנטירט (איז עָרֵב) פֿאַר אַלע בירגער אויף דער גאַנצער טעריטאָריע פֿון דער מְלוּכָה פֿאָלגענדע בירגערעכטען: 1) גלייכהייט פֿאַר'ן געזעץ. 2) פֿרייהייט זיך צו בעוועגען איבער'ן גאַנצען לאַנד, 3) רעליגיעזע פֿרייהייט. 4) פֿרייהייט צו שליעסען שִׁדוּכִים, 5) פּרעסע-פֿרייהייט, 6) פֿרייהייט פֿון פֿערזאַמלונגען און פֿעראיינען, 7) דאָס רעכט צו דערלאַנגען פּעטיציעס, 8) קיינער ווערט נישט גע'מִשְׁפָּט לויט אויסערגעוועהנליכע, אויסשליעסליכע געזעצען, 9) קיינער בעקומט נישט קיין טויטשטראָף פֿאַר פּאָליטישע פֿערברעכען, 10) פֿרייהייט פֿון האַנדעל און אינדוסטריע, 11) אומזיסטיגע פֿאָלקס-בילדונג (דאָס רעכט איז אויך אַ חוֹב: אַלע מוזען לערנען אין דער פֿאָלקס-שולע).

צו דעם דאַרף מען צוגעבען, אַז די בונדעס-מאַכט טאָר נישט האַלטען קיין בעשטענדיגע אַרמעע. אין שווייץ עקזיסטירט בלויז אַ פֿאָלקס-מיליציע, אין וועלכע עס פֿערשרייבען זיך אַלע בירגער פֿון 20 ביז 44 יאָהר אַלט. צו'ם מיליטער-דיענסט קלייבען זיי זיך צונויף אין בעשטימטע טעג, געוועהנליך אין די יום-טובים. אַזוי, אַז די שווייצערישע בעפֿעלקערונג איז פֿריי פֿון דער שרעקליכער לאַסט צוצושטעלען רעקרוטען פֿאַר אַ בעשטענדיגע אַרמעע און פֿון די אונגעהייערע קאָסטען, וואָס פֿאָדערט דאָס אויסהאַלטען פֿון איין אַרמעע. אין ענגלאַנד איז דער דיענסט אין מיליטער אויך נישט קיין חוב-זאַך, דערפֿאַר אָבער קאָסט דאָרט שרעקליכע סומען דאָס אויסהאַלטען פֿון אַ געדונגענער אַרמעע.

שווייץ איז זעהר עקאָנאָמיש אין איהרע אויסגאַבען, אין די מיטגליעדער פֿון בונדעסראַט. וואָס איז דער ראָש פֿון דער גאַנצער אַדמיניסטראַציע, נישט אויסשליעסענדיג דעם פּרעזידענט, בעקומען סך-הַכֹּל צו עטליכע טויזענד רובל געהאַלט, האָטש דער בונד האָט זעהר פֿיעל אַרבייט. דען אונטער זיין אויפֿזיכט געפֿינען זיך: 1) די

פּאָסט, טעלעגראַפֿען און אײַזענבאַהנען, 2) די גרעניץ-אָבצאָהלונגען, 3) דער מאָנעטענהויף, 4) די בעשטימונג פֿון מאָס און וואָג, 5) די פֿאַבריקאַציע פֿון פּולווער, 6) די עמיגראַציע, 7) אַלע פֿערהאַנדלונגען מיט די אויסלענדישע מלוכות און מיט די רעגירונגען פֿון די קאַנטאָנען.

דעם בונד געהערען די הכנסות פֿון די גרעניצען, פֿון די פּאָסט-טעלעגראַפֿען און אײַזענבאַהנען, פֿונ'ם פּולווער-מאַכען און אַ העלפֿט פֿון דער קריעגס-שטײַער, וואָס די בעפֿרײַטע פֿון פֿאָלקס מיליטער-דיענסט (מיליציע) זענען מחויב צו צאָהלען. די בונדעסמאַכט מעג אפילו פֿאָדערן געוויסע אײַנצאָלונגען פֿון די קאַנטאָנען, נאָר אין דער ווירקליכקײַט בענעהט זי זיך אָהן דעם.

---

דערנאָך, ווי מיר האָבען איבערגעזעהן דאָס שטאַטסגעבײַ פֿון די וויכטיגסטע היינטיגע מלוכות, פֿון דער ענגלישער פּאַרלאַמענטאַרישער מאָנאַרכיע ביז צו דער שווייצערישער רעפּובליק, וואו דאָס פֿאָלק איז דירעקטער בעל־הבית — בעמערקען מיר, אַז דאָס הויפּט-ציעל פֿון יעדער שטאַטס קאָנסטרוקציע איז — צו פֿעראײניגען די שטאַטסמאַכט מיט דער פּאָליטישער פֿרײַהייט פֿון די בירגער. דאָ בעגעגנען מיר זיך מיט'ן געדאַנק, אַז דער שטאַט האָט נישט קיינע אַנדערע ציעלען, אויסער דעם נוצען פֿון די בירגער. אַ שטאַט איז נישט מעהר אַלס אַ מיטעל, אַ פֿאָרם פֿון געזעלשאַפֿטליכען לעבען, וואָס דאַרף גאַראַנטירען (ערב זײַן) פֿאַר'ן אײנצעלנעם מענשען, פֿאַר'ן יחיד, אַ מעגליכקייט זיך פֿרײַ צו ענטוויקלען. איך וויל דאָ נישט זאָגען, אַז אין די מערב-לענדער זענען געשאַפֿען אַלע בעדינגונגען, וואָס שטיצען דער דאָזיגער ענטוויקלונג. פֿון די דאָזיגע בעדינגונגען איז איינע פֿון די וויכטיגסטע דער עקאָנאָמישער וואָלשטאַנד פֿון די בירגער, — אױך, וואָס איז אונמעגליך ביי דער היינטיגער קאָנקורענץ צווישען די אײגענטימער און בײַ'ם ביטערן קאַמפּף צווישען אַרבייט און קאַפּיטאַל. די אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע מלוכות הויבען ערשט איצט אָן זיך אַרײַנצומישען אין דעם דאָזיגען קאַמפּף מיט'ן ציעל צו בעשיצען די אַרבייט פֿון קאַפּיטאַליסטישען דרוק. פֿאָרלײַפֿיג זענען די דאָזיגע פֿראַגען נאָך זעהר שוואַך: ביז איצט האָט נאָך קיין איינציגע מלוכה נישט אַנער-

קענט, אַז יעדערער האָט דאָס רעכט צו בעקומען אַרבייט, איז אָהן אַזאַ רעכט איז די לאַגע פון די אַרבייטער נישט פעסט, און זייער לעבען — נישט בעוואָהרענט. אַלע פאָרשריטען] פון די היינטיגע מלוכות בעריהרען כמעט אויסשליעסליך דאָס פּאָליטישע לעבען, די בעפרייאונג פונ'ם מענשען אין שטאַט, אַלס פּאָליטישען בירגער, קענען די עקאָנאָמישע אונפרייהייט שיצט נאָך דער שטאַט דעם בירגער זעהר וועניג.

צו'ם דערגרייכען די דאָזיגע פּאָליטישע בעפרייאונג ווערען אָנגעווענדעט צוויי מיטלען: 1) פאַר יעדען בירגער ווערט אַנערקענט די פרייהייט צו לעבען און ווירקען לויט זיין אייגענעם וואונש, נישט אָנריהרענדיג דערביי די פרייהייט פון זיינע מיטבירגער; 2) די אָרגאַנען פון דער שטאַאַטס-מאַכט דאַרפען בעקומען אַזאַ אָרגאַניזאַציע, ביי וועלכער זיי זאָל נישט קאָנען ווערען דעספּאָטיש. וועגען אַנערקענען פרייהייט און רעכטען פאַר איטליכען איינצעלנעם מענשען קאָן איך דאָ נאָר דערמאָנען פאַרביינעהענדיג. וואָס אַנבעלאַנגט דער אָרגאַניזאַציע פון די שטאַאַטס-אַנשטאַלטען, איז דאָ צו בעמערקען, אַ שטרעבונג פון איין זייט — צו צעטיילען די מאַכטען, און פון דער צווייטער — צו געבען דעם פאָלק און זיינע פאָרשטעהער אַנ'אַנטהייל אין דער שטאַאַטס-פיהרונג. די לעהרע וועגען דער צעטיילונג פון די מאַכטען האָט געשפּיעלט אַ געוויסע ראָלע אין דער געשיכטע. בעזונדערס איז זי וויכטיג געוועזען דעמאָלט, ווען די גאַנצע מאַכט איז נאָך געלעגען אין די הענד פון איין אָרגאַן, וועלכער איז פון פאָלק גאָר אינגאַנצען נישט געוועזען אָבהענגיג. אַזאַ לעהרע האָט געשאַפען אַ מעגליכקייט איבערצולאָזען אין די הענד פון דערמאָנטען אָרגאַן בלויז איינע פון די שטאַאַטס-מאַכטען, און די איבריגע זאָלען דיענען אַלס נעגענגעוויכט צו רעגולירען זיין טהעטיגקייט. און דאָך, פולשטענדיג צעטיילט זענען די מאַכטען אין קיין איינציגער מלוכה נישט געוועזען. פערקעהרט, ווי נאָר די מאַכט פון מאָנאַרך בירושה איז שוואַכער געוואָרען, אַזוי האָט מען אָנגעהויבען אַוועקצושטעלען אַלע מינים פון דער שטאַאַטס-טהעטיגקייט אונטער די פיהרונג פון אויסדערוועהלטע פון פאָלק. דערפון איז געבוירען געוואָרען דער פּאַרלאַמענטאַריזם פון דער ענגלישער מאָנאַרכיע און, — אַלס ווייטערע שטופע פון זיין ענטוויקלונג, — די פראַנצויזישע פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק. אָבער דער פּאַרלאַמענטאַריזם

גופָא איז אויך נישט מעהר, אַלס אַ איבערגאַנגס-שטופֿע אין דער ענטוויקלונג פֿון דער דעמאָקראַטישער שטאַטס-אָרדנונג. שוין אין אַמעריקאַ איז צו בעמערקען אַ שטרעבונג צו מאַכען די רעגירונגס-אַנשטאַלטען אָבהענגיג פֿונ'ם פֿאָלק זעלבסט און דערמיט צו פֿערקלענערען די מאַכט פֿון די פֿאָלקס-פֿערטרעטער. אָבער קלערער פֿון אַלעס צייכענט זיך אָב די דאָזיגע אידעע אין דער שטאַטס-אָרדנונג פֿון שווייץ, וואו דאָס פֿאָלק זעלבסט קאָן פֿאָרלעגען און בעשטעטיגען געזעצען. געוויסע סימָנים בעווייזען, אַז דער דאָזיגער אֱמֶת-דעמאָקראַטישער שטראָם וועט זיך ענטוויקלען ווייטער. די ענטוויקלונג קאָן געהן אין צוויי ריכטונגען: 1) צו פֿערברייטערן די אַרטען פֿראַגען, וואָס מוזען אָבגעשטימט ווערען פֿון פֿאָלק; פֿון דער געזעצגעבונג וועט דאָס רעפֿערענדום זיכער איבערגעטראָגען ווערען אויך אויף די פֿראַגען וועגען קריעג און פֿריעדען, וועגען אַלערליי טראַקטאַטען א. ד. ג. 2) צו פֿערגרעסערען די צאָהל פֿון די רעגירונגס-שטעלען, אויף וועלכע די בעאַמטע דאַרפֿען געקליבען ווערען דורך די בעפֿעלקערונג גופָא.

אויסערדעם וואָס די מְלוּכוֹת פון מַעֲרָב האָבען געגעבען יעדען איינציגען בירגער פֿרייהייט און דאָס רעכט צו בעטייליגען זיך אין דער פֿיהרונג פֿון לאַנד, האָבען זיי נאָך אויסגעאַרבייט דעם טיפּ פֿון אַ פֿעדעראַטיווען שטאַט, אין וועלכען בעזונדערע נאַציאָנאַליטעטען געניעסען פֿון אַ פֿרייער זעלבסטפֿערוואַלטונג (אויטאָנאָמיע). דאָס פֿעדעראַטיווע סיסטעם שטילט איין דעם נאַציאָנאַלען האַס און אין דער זעלבער צייט פֿערבינדט עס אין דער פֿעדעראַטיווער געזעצגעבונג די בעזונדערע פֿעלקער, [אין איז זיי ווי מֵבִין צו ווערען בירגער פֿון אַ שטאַטען-בונד, וואָס וועט אַמאָל אַרומנעהמען די גאַנצע וועלט.

# פערלאג „קולטור“.

## עס דרוקען זיך פאלגענדע ביכער:

1. י. ל. פרץ: אויב נישט נאך העכער. — פרייז 3 קאפ.
2. י. ל. פרץ: צווישען צוויי בערג. — פרייז 5 קאפ.
3. י. ל. פרץ: די מקובלים. — פרייז 3 קאפ.
4. י. ל. פרץ: די פערשטויסענע. — מענדיל ברײנעס. — פרייז 5 קאפ.
5. פײערבערג: די קמיע, איבערזעצט פון י. פראפוס. — פרייז 3 קאפ.
6. טאן: אין יאפאניע, איבערזעצט פון ש. לעבענהארין. — וועט ערשײנען אין העפטען צו 5 קאפ.
7. פאליטישע בלעטלעך וועגען פאלקס-פערטרעטונג, פארלאמענט, וואהל-רעכט, בירגערליכע פרײהײטען, בודזשעט א. ז. וו. (אויסגאבען „דאנסקאיא רעטש“ און אנדערע).
8. באלאבאנאוו: פערזענליכע פרײהײט. איבערזעצט פון ד״ר י. ווארטסמאן.
9. בעבעל: די אורזאכען פון אנטיסעמיטיזמוס. איבערזעצט פון ש. לעבענהארין.
10. סוואטיקאוו: די צענויפרופונג פון די פאלקס-פערטרעטער. איבערזעצט פון ש. רײזען.
11. וועגען פראפעסיאנעלע ארבײטער-פערײנען.
12. עד. בערנשטײן: לאסאל׳ס ביאגראפיע. איבערזעצט און ערגענצט פון ד״ר איס. עליאשעוו (בעל-מחשבות).
13. די געשיכטע פון דער רעוואלוציאן פון יאהר 1848. צוזאמענגעשטעלט פון ד״ר י. ווארטסמאן.

---

אלע אויסגאבען פון פערלאג „קולטור“ זענען **מיט נקודות.**

---

די אויבען דערמאהנטע איבערזעצונגען זענען רעדיגירט פון י. ח. ראווניצקי, דר. י. לוריא און דר. איס. עליאשעוו.

**פראספעקטען און קאטאלאגען פון פערלאג „קולטור“ ווערען ארויסגעשיקט אומזיסט.**

די אדרעסע פון פערלאג „קולטור“:
Издательство „КУЛЬТУРЪ“, г. г. Минскъ.
Verlag „KULTUR“, Minsk (Gouv.-Stadt) Russland.

